# DER MITLVEG TSVISHN IDEAL UN PRAKTIK IN KULTUR-ARBE

Baruch Abraham Weinrib

•



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

# דער מיטלוועג צווישן
# אידעאל און פראקטיק
# אין קולטור - ארבעט

•

פון ב. ריווקין

ISBN:0-657-12493-1





# דער מיטלוועג צווישן אידעאל און פראקטיק אין קולטור - ארבעט



טעזיסן צו דער דיסקוסיע אפן פערטן
יערלעכן צוזאמענפאָר פון דער
יידישער קולטור געזעלשאַפט
פון מיטל־מערב ראַיאָן.

פון ב. ריווקין

ארויסגעגעבן פון דעם מיטל־מערב ראיאָן
„יידישע קולטור־געזעלשאפט״, דורך דעם
פארלאג ל. מ. שטיין, שיקאגע — 1935

האט אט די נייע אנטשלאסנקייט אויסגעפו־
רעמט בא אונדז א ריי נייע צילן:

מיר זאלן אינטימער זיך פארבינדן מיט
דער ארבעט פאר יידישער קאלאניזאציע אין
אמעריקע;

מיר זאלן נעמען אף זיך די פיאנערישע
איניציאטיווע אף צו גרינדן א געזעלשאפט־
לעכן ראיאן־טעאטער;

מיר זאלן אנפירן פראפאגאנדע אף ענג־
ליש צווישן אונדזער יוגנט.

מיר טיילן אויך די האפענונג פון חבר ב.
ריווקין, אז דער צוזאמענפאר וועט אונדז
געבן צו שפירן, אז די קולטור געזעלשאפט
איז די פארלויפערין פון א גרויסער יידישער
פארטיי, וואס קולטור וועט זיין איר הויפט־
וואפן, און ווילן גלייבן, אז יעדע האנדלונג,
יעדער באשלוס אונדזערער אפן צוזאמענפאר
וועט דערנעענטערן דעם מאמענט פון איר
גרינדונג.

אט די אלע כוונות, מיט וועלכע עס איז
דורכגעדרונגען די בראשורע, לייגן מיר אויך
אריין אין אונדזער באגריסונג צום פערטן
יערלעכן צוזאמענפאר —

ראיאן קאמיטעט, יידישע קולטור־
געזעלשאפט פון מיטל־מערב ראיאן

# דער מיטל־וועג צווישן אידעאַל און פּראַקטיק אין קולטור־אַרבעט

## 1) וואו האַלטן מיר מיט אונדזער קולטור־אַרבעט ?

עס איז שוין געוואָרן אַ מנהג בײַ אונדז אין מיטל־מערב ראַיאָן, אַז מיט אַ קולטור־צוזאַמענפאַר הייבן מיר אָן אונדזער קולטור־יאָר. איז גרייטנדיק זיך צו אונדזער פערטן יערלעכן צוזאַמענפאָר, וואָס פאַר אַ ליניע פון טעטיקייט וועלן מיר זיך אָנצייכענען ?

דוכט זיך מיר, אַז די לעקציע פון אַלע אונדזערע דערפאַרונגען און דיסקוסיעס פון ביז אהער טייטלט דערויף, אַז אונדזער פאָר־לויפיקע ליניע דאַרף זיין די מיטל־ליניע צווישן אידעאַל און פּראַקטיק — מיט אונדזער קולטור־אידעאַל אין באַוואוסטזיין, אָפּמעסטן די האַנדלונגען לויט אונדזערע פּראַקטישע מעגלעכקייטן.

און ווען מיר זאָלן אונטערפירן דעם סך־הכל צו דעם סימפּאָזיום, וואָס איז געפירט געוואָרן אין די פיר נומערן "יידיש", מיט דער באַטייליקונג פון אונדזערע אָנערקענטס־טע וועגווייזער, וועלן מיר אויך אַרויסקריגן דעמזעלביקן אָנווייז — אַף דער מיטל־ליניע צווישן אידעאַל און פּראַקטיק. אַלע באַטיי־ליקטע האָבן אין זינען געהאַט דעם גרויסן

ציל פון דער יידישער קולטור־באוועגונג — צו שאפן א גייסטיקע היים פאר דער יידי־שער פאלקסמאסע, מיט דער נייער יידישער קולטור פארן פונדאמענט און פארן דאך פון דעם בנין; אבער קיינער פון זיי האט זיך אין די וואלקנס נישט געריסן, כדי פון דארט אראפצוברענגען די גייסטיקע היים א פאר־טיקע, נאר יעדער האט געזוכט צו געפינען די פראקטישע טאט, וואס זאל זיין צוגע־מאסטן צו אונדזערע כוחות און מעגלעכ־קייטן, און וואס זאל קאנען דינען פאר א ווינקל־שטיין צו דעם קולטור־בנין, וואס בויט זיך און וואס פריער אדער שפעטער וועט ער אופגעבויט ווערן.

זאל עס טאקע זיין אונדזער לאזונג פארן קומענדיקן יאר: אידעאליזירטע פראקטיק — א פראקטיק, וואס דערנעענט א טריט, א האלבן טריט, צוויי טריט צום אידעאל. לאמיר זיך אנזאגן איינפארויס: צום שפיץ־בארג וועלן מיר נישט דערקלעטערן, אבער ארויסלאזן אים פון אויג טארן מיר נישט, ווארים יעמאלט וועלן מיר גאר אופהערן זיך צו באוועגן; אונדזערע טריט וועלן איינגע־זונקען ווערן אף דעם ארט וואו זיי טרעטן; מיר וועלן בלאנדזשען וואו מיר שטייען.

הוילע פראקטישקייט אין קולטור־ענינים טויג נישט — סטוט זיך כמעט גארנישט; אבער הוילע אידעאליסטישקייט טויג אודאי נישט, ווארים דאס מיינט פשוט ריידן, בא־ריידן און ארומריידן דעם יידישן קולטור־אידעאל. דאס איז שוין געפרובט געווארן אין די ערשטע יארן נאך דער גרינדונג פון דער קולטורגעזעלשאפט און עס איז אפשר דאמאלס נויטיק געווען — דער אידעאל האט דאך געדארפט ארויסגערעדט ווערן. איז כל־זמן דער פראצעס פון ריידן האט אנגעהאלטן,

האט מען געדענקט, עס טוט זיך, עס באַ־וועגט זיך, עס קערט זיך וועלטן. אָבער אַז מען האָט זיך דערדערט פון אלף ביז תיו, און מען האָט זיך אָפּגעווישט דעם שוים פון די ליפּן, האָט זיך אַרויסגעשטעלט: אַ לייַ־דיקער אָרט, וואו מהאָט געמיינט, אַז עס שטייט שוין אַ בנין. איצט ערשט האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז מען דאַרף נעמען בויען פון אָנהויב אָן.

על כן, בלייבט עס אַזוי: אַ סינטעז צווישן אידעאַליסטישקייט און פּראַקטישקייט — די מיטל־ליניע צווישן אידעאַל און פּראַקטיק.

האָבן מיר די ריכטשנור. אָבער ווי איי־בערזעצט מען עס אויף דעם לשון פון טאָטן? — דאָס איז די האַרבע שאלה. דאָ הויבן זיך אָן די שוועריקייטן.

דוכט זיך, עס איז דאָ אַ וועלט מיט אַר־בעט צו טאָן פאַר דער יידישער קולטור אין אַמעריקע. יעדער איינער קאָן אַנרעכענען וואו און וואָס עס קאָן און דאַרף געטאָן ווערן. יעדעס מאָל גיט זיך איינער אַ כאַפּ אַרויס: אָט ער וועט ווייזן! ער וועט צו־נויפנעמען אַלעמען וואָס האָבן וועלכע־ניט־איז שייכות צו קולטור. עס דאַרפן נישט זיין דווקא געשוואָרענע "קולטוריסטן" — אַ קינד צו דערציען האָט אַ ייד? אַ יידיש בוך לייענט ער? אין יידישן טעאַטער גייט ער? פון זיי און מיט זיי וועט דער נייער אופּטו־ער גרינדן אַ קולטור־געזעלשאַפט. טויזנ־טער מיטגלידער וועט ער האָבן! און ער נעמט ציילן אויף די פינגער, וואָס ער וועט מיט זיי אופּטאָן — אַן אַ שיעור זאַכן: שולן, ביכער, טעאַטערס — און בלייבט באַ די הויי־לע פינגער, אויף וועלכע ער האָט געציילט — אַזויפיל בעלנים און געוואָלט זיין טוער, און אַזוי ווייניק אופּטוער! עפּעס מוז דאָך זיין

אין דעם, וואָס לאָזט נישט די בעלנות זיך פאַרוואַנדלען אין אופטו. עפּעס מוז שטיין אין וועג צווישן אונדזער קולטור־אידעאַל און קולטור־פּראַקטיק — אַ מניעה, וואָס שטערט איינצושטעלן די ריכטיקע מיטל־לי־ניע. עס מוז זיין עפּעס דער מער מיט אונ־דזער קולטור־אידעאַל, אָדער מיט אונדזן קול־טוריסטן, וואָס פאַרהאַלט די קולטור־טאַט באַם סאַמע אָנהייב.

סאיז אונדז נאָך נישט געלונגען צו באַ־שאַפן אַ קולטור־טאַט, וואָס זאָל זיך טראָגן מיט איר אייגענעם אימפּעט, וואָס דאָס איז דער קענצייכן פון יעדער נאַטירלעך־נויטי־קער טאַט. אונדזער יעדע טאַט מוז אונטער־געשטופּט ווערן מיט כוח, מיט געוואַלט — און קוים וואָס זי באַוועגט זיך. אַזוי אין אַלע אונדזערע פאַרזוכן. מיר דאַרפן זיך אָפּגעבן אַ קלאָרן חשבון וועגן דעם, וועגן אונדזער קולטור־אידעאַל און וועגן אונדז קולטוריסטן.

דער קולטור־אידעאַל — לאָמיר נאָכאַמאָל אַריינקוקן אין אים. דער אידעאַל מיינט: איינשטעלן אַ גייסטיגע היים פאַרן יידישן פאָלק אויף דער באַזע פון דער יידישער קול־טור אויף יידיש. מיר זיינען גאַרנישט פּעסי־מיסטיש וועגן ענדגילטיקן נצחון: דער אי־דעאַל רעאַליזירט זיך מיט נאַטירלעכער נויטווענדיקייט. אַנטקעגן פאַר־פּופּציק־יאָרן, ווען די פּאַטערס פון יידישיזם האָבן אָנ־געהויבן זייער ווערק, איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אַ יידישע ליטעראַטור, אַ יידישע פּרעסע, אַ יידישער טעאַטער, אַ יידישע שול־באַוועגונג, מיט העכערע בילדונגס־אַנ־שטאַלטן, מיטן יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע בראש — די יידישע קולטור אויף יידיש האָט זיך דערוואָרבן אַ

גלייכבאַרעכטיקטן אָרט צווישן די קולטורן פון דער וועלט, וועגן וואָס די פּאַטערס פון יידישיזם האָבן אפילו נישט געחלומט, אַז זיי וועלן עס זוכה זיין צו זען פאַר זייערע לעב־ציטן.

אויך וועגן אַמעריקע טאָרן מיר זיך נישט דערלויבן צו זינדיקן מיט איבערטריבענעם פּעסימיזם. די יידישע ליטעראַטור גייט פאַרווערטס, פון קיינעם ניט געשטויסן. און עס וואַקסט דאָך די שול־באַוועגונג — די צאָל שולן איבערשטייגט שוין כמעט די צאָל לערער, וואָס שטייען אין שול־דינסט, בעת נאָך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז פאַרקערט געווען דער פאַל. און עס איז נאָך דאָ אַ יידי־שע פּרעסע, אַ יידישער טעאַטער—און מעגן מיר האָבן צו זיי באַרעכטיקטע טענות, אָבער אויסגערעכנט ווי זיי זיינען פאַרן מאַסן־נעבּרויך, זיינען זיי פאַרט אַ פאַקטאָר, וואָס ווירקט, אָביסל דירעקט און נאָך מער אומ־דירעקט, צו קולטור.

די שוועריקייטן הויבן מיר ערשט אָן שפּירן, ווען מיר מאַכן באַוואוסטזיניקע אָנ־שטרענגונג אונטערצואיילן דעם נאַטירלעכן פּראָצעס: ווען מיר פּרובן מיטהעלפן דעם וואוקס פון דער ליטעראַטור דורך ליטעראַ־רישע צייטשריפטן, פאַרלאַגן; ווען מיר פּרובן אויפהויבן דעם שטאַנדאַרט פון דער יידישער בינע דורך אַ געזעלאַשפטלעכן קינ־סטלערישן טעאַטער, און מיר פאַלן דורך מיט אונדזערע פאַרזוכן צו מאַכן די קול־טור־ און שול־באַוועגונג פאַר אַ מאַסן־באַ־וועגונג. דאָ ליידן מיר ביטערע אַנטוישונ־גען. עס איז נאָך אַלץ אַ קולטור־ און שול־באַוועגונג פאַר אַ געקליבענעם עולם. איז אַמעריקע נישט ראוי? איז דער יידישער

קולטור־אידעאל נישט פאר אמעריקע געשריבן?

דוכט זיך, דער עקאנאמישער פראצעס שלאגט דא אן דיזעלביקע ריכטונג, ווי אין די אלטע היימען — א ריכטונג, וואס פירט מיט נויטווענדיקייט צו דער איינשטעלונג פון אן אייגענער גייסטיק־עקאנאמישער היים — וואס אין אמעריקע, שיינט עס פארלויפיק, וועט עס זיין א מער גייסטיקע, ווי עקאנאמישע היים. דא האנדלט זיך נאך ניט וועגן א פולן ארויסשטויסן אונדז פון עקאנאמישן לעבן פון לאנד. סאיז בלויז האלבע ארויסשטויסונג, וואס שפירט זיך ווי א דרוק, וואס פרעסט ארוים די יידן פון די מער־פראדוקטיווע צווייגן און וואס טרעפט מערסטנס די ארבעטער, אנגעשטעלטע, פראפעסיאנאלן און די אונטערשטע האנדל־שיכט, און יאגט זיי צוריק אריין אין די שוין אזוי איבערפילטע "צווישנס", שטופט זיי צו צו די געפערלעכע "ברעגן". אבער דער פראצעס איז נאך אזוי ווייט ניט פארגאנגען אוועקצורויבן בא גאנצע קלאסן די האפענונג ווען עס איז "ארופצוארבעטן זיך". און אפשר טאקע דערפאר, ווייל עקאנאמישע אסימילאציע איז פארלויפיק נאך האלב־ניצלעך, פאדערט זיך דא מער באוואוסטזיניקע ארייננמישונג, כדי אנטקעגנצואווירקן דעם שטראם פון אויבערפלעכלעכער גייסטיקער אסימילאציע. און געראד אין אונדזערע באוואוסטזיניקע ארייננמישונגען קומען מיר צו קורץ אין כוח און פעולה. מיר ווערן גיך מיד פון איבעראנשטריינגונג.

אבער גלייכצייטיק איז צו מערקן, אז די ארבעט געפאלט א סך לייכטער יענע פארטייען און האלב־פארטייאישע ארגאניזאציעס, וואס שטעלן זיך פאליטיש־עקאנאמישע

צילן. די שול־באַוועגונג שפּרייט זיך הויפּט־זעכלעך דורך די אָרדנס, וואָס קולטור איז ניט זייער הויפּט־כּוונה, נאָר אַ מיט־באַגלייטונג, אַ הילפסמיטל צו זייערע אַנדערע צוועקן. זיי געלינגט אויך אויפצוהאַלטן מער אָדער ווייניקער ליטעראַרישע אָרגאַנען, און צו מאַכן אַ נייעם אָנהויב מיטן יידישן טעאַטער — צו געבן אים אַ נייעם שטוים צו אַ קינסטלערישער ריכטונג — איז געלונגען דווקא דער לינקער באַוועגונג דורכן „אַרטעף״.

דאַרף מען אפשר דערפון דרינגען, אַז קולטור לשמה, אַ זעלבסטשטענדיקע אָרגאַניזאַציע פאַר קולטור לשמה, איז נישט קיין לעבנספּייאיקע אונטערנעמונג אין אַמעריקע און איז אינפאַרוים פאַראורטיילט צו בלויז אַ פּערטל דערפאָלג — און מיר מיט אונדזער קולטור־געזעלשאַפט זיינען דאָ אינגאַנצן איבעריקע?

## 2) יידישע קולטור—אַ זעלבסטצוועק אָדער אַ הילפס־מיטל?

דאַרפן מיר צום דריטן מאָל אַריינקוקן אין אונדזער קולטור־אידעאַל. וואָס איז אין תוך יידישיזם — בלויז אַ קולטוריסטישער אידעאַל? שרייבט ער אונדז פאַר קולטור לשמה? פאַרפליכט ער אונדז צו אַרבעטן פאַר קולטור אַלס זעלבסטצוועק?

דאַרף מען זיך קלאָר מאַכן אין וועלכן זין זעלבסטצוועק. אין דעם געוויינלעכן זין, אַז וויטערן אַנאַליז, איז דער ענטפער, וואָס ליגט אויבן־אויף: ניין, נישט קיין זעלבסט־צוועק. קולטור דינט נישט דער קולטור אַליין, זי דינט דעם לעבן . . .

און אַזוי ווי מיר האָבן עס אָנגעשריבן,

בעט זיך א צווייטער ענטפער ארויף: וואס הייסט קולטור דינט דעם לעבן? קולטור איז אליין לעבן, דער שענערער טייל פון לעבן. און אין דעם זין, ווי לעבן איז א זעלבסט־צוועק, איז קולטור אויך א זעלבסטצוועק . . .

און עס ווערט גלייך קלאר, אז ווען מיר קולטוריסטן שטעלן די פראגע, צי קולטור איז א זעלבסטצוועק, מיינען מיר צו פרעגן, צי קולטור איז אן אפגעריסענער טייל פון לעבן, אן איידעלע לעבנסשפייז, צו וועלכער ניט אלע זיינען זוכה, א לוקסוס פאר אויס־דערוויילטע, און אזוי זאל זי בלייבן — אדער קולטור איז באזופן צו זיין א הילף דעם מענטשן אין זיינע שווערע לעבנסנויטן ? — און אין דעם זין גענומען, ענטפערן מיר: ניין, ניט קיין זעלבסטצוועק!

און ווי דען אנדערש ? קולטור איז ער־ניץ נישט, ביי קיין אומה ולשון נישט קיין אפגעשיידטקייט, קיין ריינע גייסטיקייט. קול־טור בא אלע פעלקער איז דער איבערשלאג, דער איבערבוי איבער מאטעריעלער געזעל־שאפטלכקייט. קולטור דעקט דעם לעבנס גרונט־נויטן. און זייער א נויטיקער צודעק. ווארים נישט נאר א צודעק איז עס, נאר א הויפט־געצייג. עס העלפט אן א שיעור צו דער באפרידיקונג פון די גרונט־נויטן. קולטור טראגט אריבער דעם מאטעריעלן פאקט פון א נידעריקערן צו א העכערען פלעין, כדי אים דארט צו פארוואנדלען. און בכלל, אין דעם קאמפלעקס פון דערשיי־נונגען, וואס שטעלן צונויף דאס געזעל־שאפטלעכע לעבן פון א פאלק, איז קיין איין דערשיינונג נישט קיין זעלבסטצוועק; זיי זיינען אלע קעגנזייטיק אפהענגיק איינס פון אנדערן.

וואס העכער אין דער אנטוויקלונג, ווערן

איינצעלנע מאָמענטן ארויסגעהויבן און גע־
ווינען פאַרהעלטנישמעסיקע זעלבסטשטענ־
דיקייט, נעמען אַן דעם כאַראַקטער פון
זעלבסטצוועקן. ווי מוזיק ווערט אַ זעלבסט־
שטענדיקע קונסט, נישט נאָר אַ באַגלייטונג
צום טאַנץ; און ווי טאַנץ ווערט זעלבסט־
שטענדיק, נישט נאָר אַ ריטמישע איבונג
צו מאַכן דעם קערפּער שטאַרקער און פלינ־
קער, צו פאַרלייכטערן אים די האַרעוואַניע.
אַזוי ווערט אויך דער גאַנצער קולטור־
קאָמפּלעקס, וואָס מוזיק, טאַנץ, זיינען בלויז
טיילן זיינע, ארויסגעהויבן צו זעלבסט־
שטענדיקייט, ווייל די מאַטעריעלע פּראָצעסן
וואָס באַפרידיקן די גרונט־נויטן, באַ פעלקער
אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן, גייען זיך אַן
לויט זייער נאַטירלעכן סדר.

באַ פעלקער אונטער נאָרמאַלע אומ־
שטענדן איז די קולטור־פונקציע ספּעציאַלי־
זירט. זי האָט שוין איר אייגענע אָפּגערונ־
דעטע ספערע, אַ זעלבסטשטענדיקע באַלע־
באַטעשקייט, מיט אירע ספּעציעלע אינטע־
רעסן און פּראָבלעמען; און עס קאָן זיך דוכטן,
זי איז אַ זעלבסטצוועק; און פאַר אַ גרוי־
סער צאָל קולטור־פונקציאָנערן — לערער,
שריפטשטעלער, קינסטלער — איז זי אַ
זעלבסטצוועק; זיי דאַרפן קיין זאָרג ניט
טראָגן וועגן די מאַטעריעלע פונקציעס, וואָס
ווערן שוין באַזאָרגט פון אַנדערע.

דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, דער פּראָפעסי־
אָנעלער זעלבסטצוועק פון די קולטור־פּראַק־
טיקאַנטן.

אין פלוג טאָרן זיי אויך זיך ניט אָפּ־
זונדערן מיט דער קולטור אַף אַ מהלך פון
לעבן, אָבער ווען זיי טוען עס, איז קיין
גרויסע סכנה דערביי נישטאָ, ווייל, ווי גע־
זאָגט, די ריין־מאַטעריעלע גרונט־באַדערפע־

נישן ווערן שוין במילא אף אלע אנדערע אופנים ווי עס איז באפרידיקט. מיר אבער, יידישע קולטוריסטן, דארפן תמיד געדענקען די לכתחילהדיקע אפשטאמונג פון קולטור — אז זי איז א פלאנץ, וואס וואָרצלט אין לעבנסגרונט־שטאף, פון וועלכן זי וואקסט ארויס ווי א רפואה פאר זעלבסטהיילונג — אף צו היילן די קראנקע ערטער פון דעם גרונט־שטאף, די לעבנס־חולאתן, די הונגערס, די מאנגלען . . .

אונדזער טעות מיטן יידישיזם איז געווען, וואס מיר האבען פריצייטיק זיך צוגעגליכן צו פעלקער אין נארמאלע פאזיציעס, און אין אימיטאציע האבן מיר א שטיק צייט געפראוועט קולטור אלס זעלבסטצוועק, און ווען עס האט זיך געהאנדלט וועגן אויסארבייטן די פארמען פון קולטור — צ.ב.ש., בא דער אויסבילדונג פון דער מאדערנער יידישער ליטעראטור—איז געווען נענוג זעלבסטצוועק דערביי. ביז די ניי־אויסגעארבעטע קולטור־פארמען האבן געדארפט צוגעטראגן ווערן צו דער יידישער פאלקסמאסע. דא האבן מיר זיך גענומען אויסניכטערן פון דער זעלבסטצוועק־פארבלענדעניש: מיר זיינען געוואר געווארן, אז קולטור בא אונדז דארף טאג־טעגלעך ענטפערן אף א הילפסגעשריי. די פולשטענדיקע אויסניכטערונג איז געקומען, ווען עס האט זיך אונטערגערוקט דער געשיכטלעכער מאמענט, וואס שרייט געוואלט בא יעדן פאלק וועגן די גרונט־נויטן. זיי פאדערן די באלדיקסטע באפרידיקונג. און דער געוואלט־געשריי איז נאך שטארקער בא דער יידישער פאלקסמאסע, וואס אירע גרונט־נויטן זיינען קיינמאל ניט ווי געהעריק באפרידיקט געווארן; בפרט אין דעם היינטיקן טאג,

ווען אירע פאַרהונגערטע גרונט־נויטן שיקן כסדר אַרויס נויט־סיגנאַלן, און זי איז ממש מיטן לעבן נישט זיכער, איר סאַמע עקזיס־טענץ איז אין קאַן . . .

ווי קאַן מען קומען צו איר רײדן וועגן קולטור אַלס זעלבסטצוועק, אַלס תענוג פאַר זיך אַליין, ווען זי פילט זיך אָפּן ראַנד פון אַן אָפּגרונט; ווען עס דוכט זיך איר, אַז דער חושך פון מצרים, אין דער געשטאַלט פון דער פאַשיסטישער פינצטערניש, רוקט זיך אָף איר? — די יידישע קולטור דאַרף ענט־פערן אַף איר טויט־שרעק, דאַרף צוזאָגן צו געבן רעטונג.
דערפאַר האָבן אויך אין דער קולטור־אַרבעט געוואונען די איבערהאַנט די פאַר־טייען און אָרגאַניזאַציעס, וואָס זאָגן צו הילף און רעטונג, און וואָס קולטור איז בּאַ זיי נישט קיין גרונט־פונקציע, נאָר אַ הילפסמיטל.

זיינען די פּאַרטיי־לייט גערעכט, און מיר, די אומפּאַרטייאישע קולטוריסטן, אומגע־רעכט? ניין, דאָס וועלן מיר נאָך נישט צוגעבן. אמת, מיר קאָנען זיך נישט דער־לויבן דעם לוקסוס פון די קולטוריסטן בּאַ אַנדערע פעלקער — אָפּצוגעבן זיך מיט קולטור, ווי זי וואָלט געווען אַן ענין פאַר זיך אַליין, אָן שום שייכות צו די לעבנס־נויטן. אָבער געדענקענדיק דאָס, אַז קול־טור בּאַ אונדז דאַרף כסדר שטיין אין לעבנס־דינסט, דאַרפן מיר געדענקען נאָך עפּעס: טאָקע צוליב דעם צוועק וואָס בּעסער צו דערפילן איר דינסט־פליכט, דאַרף קולטור בּאַ אונדז נאָך מער ווי בּאַ אַנדערע פעל־קער איינהאַלטן אַ געהעריקע זעלבּסטשטענ־דיקייט — נישט אין דעם פּראָפעסיאָנעלן

זין פון די קולטור־פראַקטיקאַנטן, וואָס זייער הויפּט־אינטערעס איז אין זעלבסט־באַפרידיקונג, נאָר אין דעם זין, אַז קול־טור האָט אירע אייגענע געזעצן, וואָס מוזן אָפּגעהיט ווערן פאַר מער פּעולה, כדי זי זאָל קאָנען טיכטיקער העלפן.

נעמען מיר דעם וויכטיקסטן פאַר אונדז קולטור־צווייג — די ליטעראַטור. האָט זי אירע אייגענע כללים, ווי אַזוי זי דאַרף געשריבן ווערן, כדי וואָס טיפער איינצו־ווירקן אַפן לעבן. זי האָט איר געשיכטע, איר אַנטוויקלונג, זי האָט אַנגעזאַמלט דער־פאַרונג, אויסגעאַרבעט אַ טעכניק, כדי דאָס געשריבענע וואָרט זאָל געבן דעם ריכ־טיקן עפעקט. באַמייסטערן די טעכניק וואָס גיט עפעקט — דאָס איז איין העלפט פון דעם קונסט־געזעץ פאַר ליטעראַטור. די צווייטע העלפט פון קונסט־געזעץ — די אינערלעכע — איז אפשר נאָך וויכטיקער: דער שריפטשטעלער טאָר נישט פעלשן, טאָר נישט קרימען קעגן דעם אמת, ווי ער, דער שריפטשטעלער, איז זיך באַוואוסט פון אים; אַניט וועט ער ניט בכוח זיין אַרויסצובריינ־גען זיין וואָרט מיט פולן עפעקט, אפילו ווען ער ווייס און געדענקט אַלע טעכנישע כללים.ביידע העלפטן פון דעם קונסט־גע־זעץ צוזאַמען זאָגן איינס: די טעכניק דאַרף באַדינען דעם שריפטשטעלערס לעבנס־אמת. אַט דער געזעץ פאַרלאַנגט, אַז דער שריפט־שטעלער זאָל שעפן פון גאַנצן לעבנס־שטח, ווי ער זעט און פילט אים — נישט פון אַ ווינקעלע בלויז; און ער זאָל אַרומנעמען דעם גאַנצן אמת, ווי ער קען אים פון דער נשמה אַרויס — נישט בלויז אַ טיילכעלע פון אים. און ווען ער ווערט געצוואונגען עובר צו זיין אַף דעם קינסטלערישן גרונט־

געזעץ, איז דער שריפטשטעלער אין זיין אייגענעם געפיל א פעלשער — און מער ווי העלפט פון זיין כוח איז אונטערגעשניטן. מען מעג פרובן ווירקן אף דעם מענטשן אין דעם קינסטלער, באאיינפלוסן זיינע אידייען און געפילן, אבער מען טאר נישט האלטן אונטער צוואנג זיין פען.

און וואס עס גילט פאר דעם איינצעלנעם שריפטשטעלער, גילט אויך פאר דער גאנצער ליטעראטור. מען מעג אנלאדן זי מיט וועל־כע אידייען מען וויל, מען מעג אידייאיש אנווייזן איר א געוויסע באשטימטע ריכ־טונג, אבער מען טאר זי ניט ארייטנטרייבן אין א ווינקעלע לעבן, אין א טיילכעלע מענטש, און ארומצאמען זי מיט א גדר פון דיסציפלין.

אין דעם זין דארף ליטעראטור האבן זעלבסטשטענדיקייט; זי איז א גאנצקייט פאר זיך, זי פירט איר אייגענע קונסט־ווירטשאפט. אין דעם זין איז ליטעראטור א זעלבסטצוועק—זי האט בטבע איר אייגענע געזעץ־אויטאנאמיע; און יעדע ארייננמישונג פון א דרויסנדיקן געזעץ איז מעכאנישער דרוק אף איר, און ברעכט מען די אויטאנא־מיע מיט מעכאנישער ארייננמישונג, איז אפ־געשלאפט דער שטראם פון ענערגיע, וואס די ליטעראטור דארף צושטעלן צום לעבנס־דינסט. און וואס עס איז ריכטיק פאר דער ליטעראטור, איז אין א גרעסערן אדער קלע־נערן גראד ריכטיק פאר אלע אנדערע פאזן פון קולטור — קולטור־אויטאנאמיע דארף איר באוויליקט ווערן.

יא, געדיינקען דארף זי — בפרט די יידי־שע קולטור — אז דיקטירט ווערט זי פון לעבנס גרונט־נויטן, און וואס נעענטער צו די גרונט־נויטן דארף זי זיך האלטען, די

יידישע קולטור גיכער פון אלע אנדערע קול־
טורן; און ענטפערן דארף זי טאַקע
אף די לעבנסרופן — אבער דער אופן ווי
אזוי זי זאָל דעם ענטפער געבן, דארף אי־
בערגעלאָזן ווערן צו איר אליין, ווארים זי
אליין ווייס דעם חשבון פון אלע אירע מיט־
לען און פון איר גאַנץ פארמעגן — אניט
איז די געפאר, אז נישט דער גאַנצער קול־
טור־כוח פון פאלק וועט ארויסגערופן ווערן.
ווי האַנדלען אבער אונדזערע פּאַרטייען?
טריי צו זייער בליק, אז קולטור איז נישט
קיין גרונט־פונקציע, נאָר א צוגאָב־פונק־
ציע צו זייערע אנדערע וויכטיקערע פונק־
ציעס, צעכאַפּן זיי די יידישע קולטור שטיק־
לעכווייז; יעדע פאַרטיי נעמט זיך פון איר
דאָס טיילכעלע, וואָס, ווי עס דוכט זיך
איר, עס וועט איר אמבעסטן העלפן צו
אירע ספּעציעלע פּאַרטיי־צוועקן. כאַפּן די
ציוניסטן צו דעם העברייאיסטיש־ארץ־
ישראלדיקן טייל פון דער יידישער קולטור,
אָדער דאָס, וואָס לאָזט זיך לייכט איבער־
זעצן אף העברייאיסטיש־ארץ־ישראלדיקן
לשון — האָבן זיי געגוג פאר זייער ווינ־
קעלע; און די קאָמוניסטן שפּאַרן זיך איין,
אז נאָר דאָס איז גוט אין דער יידישער קול־
טור, וואָס לאָזט זיך גלייך אריבערטראָגן
אין זייער ענג־פּאַרשטאָנענער פּאַרטיי־פּראָ־
לעטאַרישקייט, וואָס ביז נישט לאַנג צוריק
איז דאָס געווען מעכאַנישע פּראָלעטאַריש־
קייט — דאָס נעמען זיי פאר זייער ווינ־
קעלע. אבער אפילו מיט די איצטיקע פּאַר־
בעסערונגען איז דאָס בלויז א גאַנץ קליין
טיילכעלע פון דער יידישער קולטור; דאָס
איבעריקע — ניין־צענטל פון איר — פאַר־
בראַקירן זיי. לא דאַי וואָס זיי פאַרקריפּלען
דערמיט דעם קולטור־ און ליטעראַטור־שאַ־

פער, טוען זיי זיך אליין דעם גרעסטן שאדן: גוט, פראלעטארישקייט. עס איז א גרויסער ענטפער אף דער וועלטס ווײ־געשריי; אבער די אפיציעלע משגיחים איבער פראלעטארישקייט צאפן אפ פון יידישן קולטור־רעזערוואר נאר א טראפעלע גייסט־ענערגיע פאר זייערע פראלעטאריש־דערלייזערישע צוועקן.

דער גאנצער רעזערוו פון דער יידישער גייסט־ענערגיע, וואס האט זיך געזאמלט דורך טויזנטער יארן, און וואס דורך דער יידישער קולטור אף דער יידישער שפראך שמעלצט זיך דאס איבער אין מאדערנער קולטור־ענערגיע — דער גאנצער רעזערוו ווערט איבערגעלאזט אף הפקר — אין א מאמענט, ווען עס פאדערט זיך פון אונדז א גיגאנטישע נשמה־אנשטרענגונג אף אנטקעגנצוקומען א לעבנס־סכנה.

יא, אמת, קולטור איז ניט קיין זעלבסט־צוועק — פאר זאטע, זארגלאזע און צופרידענע, זיך משמח צו זיין מיט איר. אין ערשטן און לעצטן סך־הכל איז זי בארופן צו באדינען דעם לעבנס גרונט־נויטן; און אנדערש ווי בא די אומות העולם זיינען מיר אין אזא לאגע, וואס מיר טארן עס קיינמאל ניט ארויסלאזן פון אויג און זיך ניט ווייסנדיק מאכן, אז מיר געפינען זיך אין אן עת־צרה. נאר אויב קולטור איז ניט קיין זעלבסטצוועק, האט זי אבער א זעלבסטווערט. זי פארמאגט איר אייגענעם ניט־געבארגטן ווערט, און זי טראגט אייגענע הילף, וואס קען מיט קיין אנדער הילף ניט פארביטן ווערן. און זי טאר ניט דינען אלס בייזאך. און טאר ניט אריינגעצוואונגען ווערן אין אן אונטערווארפענער ראלע. כדי צו קאנען בייטראגן איר חלק צו דער פאר־

ענטפערונג פון אלע הארבע יידישע עקזיס־טענץ־פראבלעמען, טאר זי ניט באטראכט ווערן ווי א הילפסמיטל צו אנדערע הילפס־מיטלען, וואס דורך דעם ווערט פארמינערט איר העלפנדיקער כוח; כדי ארויסצוברענגען איר פולע הילפספייאיקייט, דארף איר גאנ־צער אוצר פון איר ענערגיע אפגעהיט און געזאמעלט ווערן, נישט בלויז שטיקלעך און ברעקלעך פון אוצר; און כדי דער אוצר זאל כסדר זיך פארמערן מיט נייע שעפע־רישע ביטראגן, דארף א געלעגנהייט איר געגעבן ווערן פאר זעלבסטשטענדיקע ווירט־שאפט־פירונג און אנטוויקלונג.

אויב אזוי, אף אפצואווערן זיך קעגן דעם שאדן פון פארווינקלטקייט און צעברעקלט־קייט, דארף שוין זיין א זעלבסטשטענדיקע ארגאניזאציע, וואס זאל שטיין אף דער וואך פון דער גאנצער ניט צעטיילטער יידישער קולטור?

דאס איז די פאזיציע פון דער קולטור־געזעלשאפט. מיינט עס, אז די קולטור־געזעלשאפט פראוועט קולטור לשמה, קולטור אלס זעלבסטצוועק? בשום אופן נישט. זעלבסטצוועק איז דא נאר אף אזוי פיל, אף וויפל עס האנדלט זיך וועגן דעם רעכט פון יידישער קולטור אף זעלבסטשוץ פאר זעלבסטדערהאלטונג און זעלבסטבאריייכע־רונג. מיינט עס, אז דאס פראגראם פון דער קולטור געזעלשאפט — דער יידישיזם — איז בלויז קולטור־פראגראם, קולטור־אי־דעאל אין אבסטראקט, ריינע גייסטיקייט? מיר ווייסן איצט, מיר האבן פון אנהייב־אן געוואוסט, אז עס איז נישט אזוי — אז יידישע קולטור איז נישט אין דערוויטע־רונג, נאר דוקא אין דערנענטערונג צו דער יידישער גרונט־נויט; אז זי דארף מיטענט־

פערן אַף דער יידישער היים־באָדנלאָזיקייט, און נישט בלויז מיט גייסטיקער היים אַליין.

אמת, מיר דאָ אין אַמעריקע האָבן פאַר אַ ווײַלע זיך געהאַט פאַרגעסן, און עס האָט שוין געהאַלטן דערבײַ, מיר זאָלן זיך אײַנרײדן, אַז יידישיזם איז בלויז אַ שפּראַך־ און קולטור־עניין. איז דאָס געווען בלויז דער אָפּווער קעגן דער טאַקטיק פון די פאַרטייען, וועלכע האָבן געריסן די יידישע קולטור אבריסווייז; און אָפּווערנדיק זיך מיט עקשנות קעגן עקשנות, האָבן מיר זיך געקלאַמערט אין דער אײַנרײדעניש לאַנג נאָכדעם, ווי מיר האָבן געוואוסט און געפילט — דער געשיכטלעכער מאָמענט האָט עס אונדז געגעבן צו וויסן און צו פילן — אַז עס איז די העכסטע צייט, די יידישע קולטור זאָל מיט־אַרײַנזאָגן איר ענטפער אַף דער קאַטאַסטראָפאַלישער צייט־פראַגע. אָט דאָס אײַנרײדעניש — טאַקע דערפאַר, וואָס פאַר אונדז אַליין האָט עס שוין געקלונגען ליידיק און פאַלש — האָט עס אַרויסגערופן די אַלע קריגערייען אינעווייניק, אין די רייען פון דער קולטור געזעלשאַפט גופא; און דרויסן פון דער קולטור געזעלשאַפט האָט עס אונדז אָפּגעשוואַכט קעגן די קעגנער, וואָס פאַר דעם אַלעמען האָבן מיר באַצאָלט מיט דעם פאַנאַנדערפאַל פון צענטר.

דאָ, אין מיטלמערב ראַיאָן, האָט דאָס אײַנרײדעניש אָנגעהאַלטן ביז גאָר לעצט, ביז דר׳ זשיטלאָווסקי׳ס יובל־פייערונגען; וואָס בײַ דער געלעגנהייט מאַכנדיק אַ רעוויזיע פון זײַן לערע, האָבן מיר פונדאַסניי אַנטדעקט, אַז דער פולער מיין פון יידישיזם איז סאָציאַליסטישער טעריטאָריאַליזם — נישט בלויז גייסטיקע היים, נאָר מאַטעריעלע היים צונעדעקט און געקרוינט מיט גייס־

טיקער היים; נישט מער, ווייל טעריטאָריע פעלט, זיינען מיר יוצא פּאַרלויפיק מיט גייסטיקער היים, אין דער איבערצייגונג, אַז זי וועט שוין טרייבן, צווייגען, מיר זאָלן אונטער איר אונטערפירן דעם סאָציאַליסטיש טעריטאָריעלן פונדאַמענט. — די טרייב־ און צווייג־קראַפט איז דאָ, ווי אין די אַלטע היימען, די גרונט־נויט אין אַ זעלבסטשטענדיקער יידישער גייסטיק־מאַטעריעלער ווירטשאַפט.

אזוי אַז דאָס צייטווייליקע איינרייידעניש וועגן יידישיזם אַלס אויסשליסלעך שפּראַך־ און קולטור־באַוועגונג—איז געווען ניט אין איינקלאַנג מיט דעם אָריגינעלן מיין פון דער אידייע. יידישיזם איז געווען און בלייבט אַ גייסטיק־מאַטעריעלער אידעאַל, וואו די גייסטיקייט לויפט פאָרויס, כדי סוף כל סוף זיך צו מאַטעריאַליזירן.

### 3) אַפּן שפּיק־באַרג פון אונדזער קול־טור־אידעאַל—"דאַרף־זשיטלאָווסקי"!

אָבער עס איז נאָך מער אין דעם. די "גייסטיקייט לויפט פאָרויס" איז ניט קיין מליצה־אויסדרוק.

עס איז נאָך מער אַנדערש באַ אונדז מיט קולטור ווי באַ די אומות העולם. זייענדיק געצוואונגען אַנצוהאַלטן אַ נעענטערן קאָנ־טאַקט מיט דעם לעבנס גרונט־פּראָבלעמען, אַניט וועט זי פון אונדזער געפּלאָגטער און פאַרצאָגטער פאָלקס־מאַסע נישט אופגענומען ווערן, האָט קולטור באַ אונדז נאָך אַ גרע־סערן באַרוף, ווי באַ וועלכן־סאיז אַנדער פאָלק; קולטור באַ אונדז דאַרף אַננעמען זיך

מיט נאך מער גבורה פאר א נאך מער זעלבסטשטענדיקער ראלע, ווי בא די אומות העולם. זי דארף שפילן בא אונדז א הויפט־ראלע אין דער לייזונג פון אונדזערע גרונט־פראבלעמען.

דער פאקט איז, אז דער מאטעריעלער אונטערשלאג פון דער יידישער קולטור איז זייער א שוואכער און א קנאפער. א דינע שיכט, אז איינליניקע, אז איינמאסיקע, וואס העכסטנס וואס זי קאן געבן די פארשיידענע צעווארפענע טיילן פון יידישן פאלק איז א געוויסע ענלעכקייט אין זייער עקאנאמישער פאזיציע, אבער בשום אופן ניט צוזאמענ־האלטן זיי אין ארגאנישער גאנצקייט, וואס דער מאטעריעלער אונטערשלאג אליין האט קיין סימן ניט פון דעם אין זיך. די עקאנאמישע פונקציע, וואס אידען ביז ניט לאנג צוריק האבן הויפטזעכלעך דערפילט — די פארמיטלערישע — האט גיכער געווירקט אין פארקערטער ריכטונג: צו צעשטרייען, צו צעטרייבן, צו צעשליידערן, אויסצומישן זיי און אסימילירן מיט אנדערע פעלקער. אבער וואס עס האט געפעלט דער אידישער עקא־נאמיק צו ארגאנישער גאנצקייט, איז דער־גענצט געווארן דורך דער צוזאמנהאלטענ־דיקער, צעמענטירנדיקער קראפט פון דער יידישער קולטור. יידיש־פאלקישקייט איז געווען דריי פערטל קולטור און בלויז איין פערטל עקאנאמיק. אזוי פאר די לעצטע צוויי טויזענט יאר, און עד היום אזוי. אבער מער קאן שוין ניט זיין אזוי. עס האט גע־קאנט גילטן, כל זמן דער פארמיטלערישער מיטלקלאס, טוענדיק א נויטיקן דינסט פאר די פעלקער, האט געשפילט בא אונדז די הויפט־ראלע. אבער איצט, ווען זיין עקאנא־

מישע ראָלע איז אויסגעשפּילט און די פאָלקס מאַסע, ווי בײַ אַלע אַנדערע פעלקער, טרעט בײַ אונדז אַרויס אויף דער אַרענע, קאָן די עקאָנאָמישע אַנאָמאַליע מער ניט פאַרגנבעט ווערן. עס איז קיין אַנדער ברירה נישטאָ: אָדער די יידישע עקאָנאָמיק מוז נאָרמאַלי־זירט ווערן ביז אַ אָרגאַנישער גאַנצקייט, אָדער די יידישע פאָלקסמאַסע, וואָס דאָס מיינט שוין דאָס יידישע פאָלק, פאַרשווינדט אַלס אַזעלכע — זי ווערט אַסימילירט און איינגעשלונגען.

אָבער עס איז נישטאָ גענוג צוואַנג אין דער יידישער עקאָנאָמיק צו זוכן נאָרמאַלי־זירונג און אָרגאַנישע גאַנצקייט — עס איז גיכער די פאַרויסזעאונג פון דער מעגלעכער לייזונג, וואָס דינט אַלס טרייב־קראַפט. וואָס דאָס מיינט, אַז דאָס איז די יידישע קולטור די טרייב־קראַפט. דער גייסטיקער צעמענט, וואָס האָט ביז אַהער איינגעהאַלטן דאָס פאָלק אין איין גאַנצקייט, וויל ניט פאַנאַנ־דערפאַלן; צווינגט ער אונטערצופירן אונ־טער אים אַ מאַטעריעלן פונדאַמענט; די אייביק־לעבעדיקע יידישע קולטור וויל זיך דערהאַלטן, כדי צו דערהאַלטן דאָס פאָלק — זי ציט אָן אַ נייע נאָרמאַלע יידישע עקאָ־נאָמיק אונטער זיך.

דאָס איז דער זין פון סאָציאַליסטישן טעריטאָריאַליזם, וואָס האָט פאַר זיין גייס־טיקן עקוויוואַלענט דעם יידישיזם — דיזעל־ביקע אַלטע יידישע קולטור, וואָס איז אי־בערגענומען געוואָרן פון דער פאָלקסמאַסע און ווערט פון איר מאָדערניזירט, צוגעפּאַסט צו דינען אַלס וואָפן און געצייג אין דער מלחמה פון די מאַסן און קלאַסן פאַר עק־זיסטענץ אונטער די אומשטענדן פון דער

נייער צייט, ווען קאפּיטאַליזם גייט איבער צו סאָציאַליזם.

אין יידישיזם — די מאָדערניזירטע און דעמאָקראַטיזירטע פאָרם פון יידישער קול־טור — א הויפּט־אינסטרומענט אין ארויס־באַשאַפונג פון דעם יש מאין — פון א יידישער טעריטאָריע, וואָס הייגט צו טאָג מיינט עס א סאָציאַליסטישע טעריטאָריע.

דאָס איז דער פולער אידעאַל פון יידישע קולטור היינט צו טאָג: באַהעפטונג פון קולטור מיט יידישער טעריטאָריע. זי טראָגט א הויפּט־ענטפער אף דער לייזונג פון יידישן פּראָבלעם. אין דעם זין קאָן בא אונדז גע־פּראַוועט ווערן קולטור לשמה: ניט נאָר א הילפסמיטל איז זי, נאָר זי איז א הויפּט־הילף. נישט נאָר דינט זי דעם לעבן, זי גיט לעבן, זי איז א לעבנס־קוואַל.

און זי פאָרדינט נישט נאָר א זעלבסט־שטענדיקע ארגאַניזאַציע: א קולטור געזעל־שאַפט, נאָר זי פאָרדינט, אז א גאַנצע יידי־שע פאַרטיי זאָל געגרינדעט ווערן אין איר נאָמען.

דער פאַקט איז, אז די יידישע סאָציאַליס־טישע פאַרטייען עקזיסטירן בא אונדז אין זכות פון אָט דער פּאָטענציעלער יידישער קולטור־פּאַרטיי. זיי האַלטן זיך נישט אַזוי צוליב זייער פּאָליטיש־עקאָנאָמישער ראָלע ווי צוליב זייער קולטורעלער ראָלע — דורך דער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס זיי פירן. זיי האַלטן זיך אַפן וואַרט. זיי האָבן ניט גענוג באַרעכ־טיקונג אין עקאָנאָמישן פאַקט. די עקאָנאָ־מישע פּאָזיציע פון יידישן אַרבעטער איז נישט גענוג שטאַרק, נישט גענוג אינהאַלטס־רייך צו קאָנען שפּייזן א פולע ראָלע. און בנוגע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע רעזולטאַטן איז דער אויפּטו פון אונדזערע סאָציאַליסטישע

פארטייען זייער קנאפ. אבער וואס עס פעלט זיי אין פאליטיש־עקאנאמישן פאקט, דער־שטוקעווען זיי מיט ווארט. און זייערע דערפאלגן זיינען ווארט־דערפאלגן. אין ער־נערן זין מיינט עס רעש און טומל; אין בע־סערן זין מיינט עס: קולטור־ארבעט. אבער זיי שעצן עס ניט אפ: זיי זיינען ניט גענוג דאנקבאר דעם יידישן ווארט; אנשטאט וואס יידישע קולטור זאל בא זיי זיין א הויפט־מיטל, איז זי בא זיי א הילפסמיטל. דערין פעלשן זיי, דערפאר זייער פארהעלט־ניסמעסיקער אומדערפאלג.

נאר צוויי פארטייען זיינען בא אונדז פאר־ראן, וואס האבן זיך דערגרעדט ביז צום האלבן זין פון יידישן קולטור־טעריטאריא־ליסטישן אידעאל — די פועלי ציון מיט זייער האלב־סאציאליסטישער קאלאניזאציע אין פאלעסטינע און די קאמוניסטן מיט זייער פולער סאציאליסטישער קאלאניזאציע אין ביראַ־בידזשאן. אבער ווען מיר האבן הויפטזעכלעך אין זינען די פועלי ציון און די קאמוניסטן אין אמעריקע, איז דאס בא זיי בלויז אן ארבעט פון יוצא וועגן — זיי זיינען יוצא, וואס דארט, אף א מהלך, אין פאלעסטינע אדער אין ביראַ־בידזשאן, ווערט די ארבעט געטאן. צום גרויסן טייל געשעט עס אפן חשבון פון די גרונט־נויטן פון דער יידישער פאלקס־מאסע אין אמעריקע. דארף דער פאלעסטינישער און ביראַ־בידזשאנער ענטפער ניט צוגעגרייט ווערן אויך דא? הגם אמעריקע איז זייער טעטיקייט־געביט, האבן ביידע פארטייען, וואס שייך די יידישע גרונט־נויטן, מיטן פנים צו אמעריקע אין תוך זיך נאך ניט א קער געטאן, וויפל זיי האבן ניט צוגעזאגט עס צו טאן.

א גאנצע יידישע פארטיי וואלט געקאנט

אופגעבויט ווערן אף די פארנאכלעסיקונגעז פון אלע יידישע סאציאליסטישע פארטייעז. און דאס האט געזאלט זיין די יידישע קול־טור־טעריטאריאליסטישע פארטיי.

פארוואס האבן די יידישע קולטוריסטן עס נאך ניט געטאן? פארוואס האבן זיי אפגע־נעבן זייער בכורה צו די פארטייען? ווייל די פארטייען קומען וויפל־ניט־איז אין בא־רירונג מיט די יידישע גרונט־נויטן — זאל זיין אף א מהלך — אבער די יידישע קול־טוריסטן האבן נאך קיינמאל זיך נישט בא־העפט מיט דעם פולן יידישן קולטור־אי־דעאל. די יידישע קולטוריסטן האבן ביז אהער ניט דערפילט, הגם לכתחילה האבן זיי עס נעוואוסט, אז זיין א יידישער קולטוריסט, א יידישיסט, מיינט אויך זיין א טעריטארי־אליסט.

מען מוז זיך מודה זיין, אז א טייל פון דער שולד טראגט דר' זשיטלאווסקי אליין, דער פאטער פון יידישיזם. ער, דער ער־שטער, האט געמאכט דעם פארזען. רייד־נ־דיק צו סאציאליסטן, האט ער גערעדט ווי א טעריטאריאליסט; ריידנדיק צו קולטו־ריסטן, האט ער גערעדט ווי א יידישיסט, וואס געדענקט נישט זיין טעריטאריאליזם. ער האט נעפירט באזונדערע דעפארטמענטן. דאס איז א גאוואוניהייט, וואס איז אף אים ארויפגעצוואונגעז געווארן דורך די אומ־שטענדן פון זיין אנטוויקלונג; ער האט גע־דארפט פירן א באזונדערן חשבון מיט די רוסישע סאציאליסטן, א באזונדערן מיט די יידישע סאציאליסטן און א באזונדערן מיט די פארלייקענער פון דער יידישער שפראך. מיטן פנים צו דער קולטור געזעלשאפט, און ריידנדיק פאר דער קולטור געזעלשאפט, האט ער זיך געשטעלט אין דער פאזיציע

פון אַ קעמפּער קעגן די שפּראַך־פּאַרלייקע־
נער. און סאיז אויסגעקומען, אַז וואָס שייך
יידישע קולטור איז ער בלויז אַ שפּראַך־קול־
טוריסט; אַז זיין יידישיזם איז בלויז אַ
שפּראַך־ענין. פאַר אַ היפּשער צאָל קולטור־
ריסטן, ווי געזאָגט, האָט עס געקלונגען ליי־
דיקלעך; און די, וואָס האָבן געהאַט העזה,
האָבן עס אַרויסגעשריען; די מערסטע אָבער,
ניט אַרויסריידנדיק זייער פאַריבל, האָבן פאַר־
לאָזן די קולטור געזעלשאַפט און זיינען
אַוועק צו די פּאַרטייען. אַזוי אַרום האָט די
קולטור געזעלשאַפט פאַרשפּילט איר בכורה.
איצט, קענטיק, האָט דר׳ זשיטלאָווסקי
איינגעזען זיין טעות. די יובל־פייערונגען
האָבן אים, פּונקט ווי זיינע תלמידים, דער־
מאָנט, אַז עס איז דאָ איין גאַנצער אַלזיי־
טיקער דר׳ זשיטלאָווסקי — אַ בעל הבית
פון איין פולן גאַנצן אידעאַל — פון יידיש־
קולטוריסטישן, סאָציאַליסטישן טעריטאָריאַ־
ליזם — ניט קיין אָפּזעצער פון שטיקלעך
און ברעקלעך אידעאַל. און ער מאַכט איצט
גוט זיין פאַרזען. ער פאָדערט אויף די קול־
טור געזעלשאַפט, זי זאָל זיין די הויפּט־
טרעגערין פון דער טעריטאָריאַליסטישער
אידייע. און ווען די קולטור געזעלשאַפט
פאָלגט אים, וואָלט עס איר אָן אַ שיעור גוט
געטאָן; ווייל קיין אַנדער פּאַרטיי טוט עס ניט
אין אַמעריקע, וואָלט עס איר געגעבן אַ
הויפּט־ראָלע. עס איז ניט פאַר די איצטיקע
כוחות פון דער קולטור געזעלשאַפט אַרויס־
צורופן אַ באַוועגונג פאַר קאָלאָניזאַציע, וועל־
כע איז שוין לאַנג צייטיק אין אַמעריקע,
אָבער צו זיין די טרעגערן פון דער פּראָפּאַ־
גאַנדע איז יאָ לויט אירע כוחות.
אָבער ניט יוצא זיין מיט פּראָפּאַגאַנדע
אין ענגן זין פון וואָרט. ניט יוצא זיין מיט

א בראָשורע אָדער צוויי, אָדער אפילו מיט א גאַנצער סעריע אַרטיקלען וועגן קאָלאָניזאַציע. דאָס איז גיכער אַוועקגעשריבן זיך פון דעם ענין מעשה שרייבער, וואָס קומען אָפּ אַלע זייערע פליכטן מיט דער פען. די קולטור געזעלשאַפט איז ניט קיין שרייבער־פאַריין, נאָר א געזעלשאַפט פון טוער פאַר קולטור. עטוואָס ממשותדיקעס זאָל אונטערנומען ווערן פון דער קולטור געזעלשאַפט אין דער ריכטונג פון קאָלאָניזאַציע. די בעסטע פראפאגאַנדע איז "פראפּאַגאַנדע דער טאַט" — פראפּאַגאַנדע דורך אַקציע. איין קאָלאָניע אַוועקשטעלן — דורך דעם מיטלמערב ראַיאָן, דורך דער גאַנצער קולטור געזעלשאַפט פון איבערן לאַנד, מיט דעם צושטייער פון אַלע קולטוריסטן, און פון יעדן איינציגן קולטוריסט — וואָלט געהאַט מער פראפּאַגאַנדע־ווערט, ווי צען יאָר מינדלעךשריפטלעכע פראפּאַגאַנדע.

און ווען עס וואָלט געלונגען א פּאַרטיקע קאָלאָניע צו געווינען פאַר א פּראפּאַגאַנדענעסט, וואָלט עס נאַטירלעך געווען א סך לייכטער און אפשר אויך א סך בעסער. דער עיקר איז צו שאַפן דעם סינטעז פון די צוויי אידייען — פון יידישע קולטור און יידישע קאָלאָניזאַציע. ביידע אידייען וואָלטן אָנגעצונדן געוואָרן פון דער באַרירונג. ביידע וואָלטן געהאַט עלית נשמה. זיי געהערן צוזאַמען פון אָנהייב אָן. ביידע צוזאַמען — דאָס איז דאָך האַרץ פונעם האַרץ פון יידישיזם.

אָף דעם ביישפּיל פון "סאָנרייז" זעען מיר, ווייל עס פעלט די פירער די אינטימע באַרירונג מיט יידישער קולטור, ווייל זיי זיינען דורכגעגליווערט מיט קאַלטער אָפּגעפרעמדקייט פון אַלץ וואָס יידיש, דאָרט און

קווארט די קאלאניע. הגם געבארן אין ענט־
טוזיאזם, האט דער ענטוזיאזם גאר גיך זיך
אויסגענומען, ווייל ער האט ניט געהאט מיט
וואס זיך צו שפייזן. און די קאלאניע מאכט
דורך א פעריאד פון מאטערונג, וואס וועט
אזוי לאנג אנהאלטן, ביז די קאלאניע וועט
ניט נעמען שעפן ענטוזיאזם פון סאמע הארץ,
וואס קאכט איבער די יידישע גרונט־נויטן
אין דער יידישער גרונט־האפענונג—די בא־
העפטונג פון יידישן ווארט מיט יידישן
באדן.

און דער געווינס פאר דער יידישער קול־
טור? דערויף ווארט זי. זי וואלט באקומען
א תיקון. דער שעפערישער גייסט פון דער
נייער יידישער קולטור איז נאך עד היום
האלב געליימט, ווייל ער איז נאך ניט צו־
געקומען צו דעם גרויסן ענטפער אף דער
יידישער גרונט־נויט. דא וואלט עס געשען.
ער וואלט גענומען זויגן פון זיין געבורטס־
אדער. ער וואלט אנגעלאפן געווארן מיט
נייער עסענץ. פאר דער יידישער ליטערא־
טור וואלט אופגעבראכן געווארן א קוואל פון
פרישער שעפערישקייט. זי וואלט גענומען
זען זעאונגען אפן וואר.

אט דער דורכברוך איז אומבאדינגט נוי־
טיק פאר דער יידישער ליטעראטור אין אמע־
ריקע. דעם אמת געזאגט, האט זי ביז אהער
נאך נישט געהאט די ריכטיקע באדינגונגען
פאר פולער שעפערישקייט. די יידישע קול־
טור געזעלשאפט איז איר שולדיק א גרויסן
חוב, וואס זי וועט ערשט נעמען גוט מאכן,
ווען זי וועט זיך צושלאגן צו עפעס א
ממשותדיקן אופטו פאר דער יידישער קאלא־
ניזאציע.

און סאיז דער רעטנדיקער אויסוועג פאר
דער קולטור געזעלשאפט גופא. א ניצוץ פון

פולן יידישן קולטור־אידעאל וועט זיך אריינ־
כאפן אין איר, און וועט אויפפלאמען אין
איר די נשמה, וואס דאס וועט איר דינען
צו מזל־ברכה. זי וועט נעמען וואקסן און
געדייען.

די יידישע קולטור אין אמעריקע וועט
פארענדיקן אירע לערן־יארן, איר צוגריי־
טונגס־פעריאדע פון זאמלונג און אפהיי־
טונג, און זי וועט אריינטרעטן אין א פע־
ריאד פון אופשוואונג, וואס וועט מאכן עפא־
כע — אוועקגעשטעלט צו ווערן אין איין ריי
מיט דער שפאנישער עפאכע פון דער מיטל־
אלטערליכער יידישער קולטור.

דאס איז פון אידייאישן שטאנדפונקט
גערעדט. און פון פראקטישן שטאנדפונקט
לוינט זיך דער קולטור געזעלשאפט זי זאל
נעמען די איניציאטיווע אין פראפאגאנדע
דורך טאט פאר יידישער קאלאניזאציע. אניט
האט זי נישט מיט וואס זיך צו פארמעסטן
מיט די פארטייען. די בכורה האט צו איר
באלאנגט, האט זי די בכורה אפגעטראטן צו
די פארטייען, וועלכע האבן אויסגעקאנקו־
רירט בא איר די מיטגלידערשאפט דורך א
האלבן אדער פערטל צוזאג צו פארענטפערן
די יידישע גרונט־נויטן. די פארטייען וועלן
דער קולטור געזעלשאפט זייערע יוניאנס
און זייערע ארדנס ניט אפטרעטן פאר פריי־
ער קולטור פראפאגאנדע. בא וואס־זשע
בלייבט די קולטור געזעלשאפט? בא גאר
א סך. די פארטייען, די יוניאנס, די ארדנס
זיינען בלויז האלבוועגס, א פערטל און א
צענטל וועג צו דער פארענטפערונג פון די
יידישע גרונט־נויטן. דעם גרונט־ענטפער
האבן זיי, אין זייער קורצזיכטיקייט, איבער־
געלאזט פאר יעדן בעלן. אבער קיין בעלנים

זיינען נישטא. פאר וואס זאל די קולטור געזעלשאפט ניט אויסנוצן די פרייע געלעגנ־הייט, וואס באט זיך דא אן, און אזוי־ארום צוריקגעווינען די אנגעווארענע בכורה?

א קולטור געזעלשאפט קאלאניע — דער לאזונג דארף אופגענומען ווערן פון פערטן יערלעכן צוזאמענפאר פון מיטלמערב ראַ־יאן — אף צו פארווירקלעכן דורכן קומענ־דיקן קולטור־יאר. דר' זשיטלאווסקי, וועל־כער האט געפאטערט די קולטור געזעלשאפט, האט שוין באצייטנס געגעבן זיין דעלויבניש צו נוצן זיין נאמען פאר א זשיטלאווסקי־דארף.

## 4) ווער זיינען מיר, קולטוריסטן, אין מיטל־מערב ראַיאָן?

און איצט, אז מיר האבן מיטן בליק זיך אנגעקלאמערט אן דעם שפיץ־בארג פון אונ־דזער אידעאל, און אפשר וועט אונדז נאך געלינגען מיט צוויי פינגער פון דער לינקער האנט אנצורירן דעם שפיץ־בארג — דורך א זשיטלאווסקי־דארף — לאמיר מיט דער פעסטער רעכטער האנט זיך אנכאפן אן אונ־דזער קולטור־פראקטיק. מיטן אידעאל פארן אויג, זיך רעכענען מיט די פאראנענע כוחות און מעגלעכקייטן. אזוי ארום וועלן מיר זיך קאנען אנצייכענען די מיטל־ליניע צווישן אידעאל און פראקטיק.

מיר דארפן זיך אפגעבן א ניכטערן חשבון וועגן דעם: וואס פארמאגן מיר און וואס טוען מיר?

אונדזער פראקטיק: שול, בוד, לעקציע, שריפטשטעלער. דא באווייזן מיר עפעס אופ־צוטאן.

נאך וויכטיקער איז אריינצוקוקן אין אונ־

דזער פערסאנאל — פון וועמען ווערט די קולטור־ארבעט געטאן? אז דעם ווענדט זיך דער אינהאלט און דער פארנעם פון אונ־דיזער ארבעט. דאס זיינען לערער און שול־טוער פון איין זייט און א קלאס מענטשן, וואס רופן זיך קולטוריסטן. ווער זיינען זיי?

מיר דארפן זיך גאר ניט נארן. זאגן זיך דעם אמת ניט שעמעוודיק. האב איך אבער מורא, ווי איך זאל עס ניט זאגן, וועט עס ארויסקומען איבערטריבן. די מעשה איז, וואס דא האנדלט זיך גיכער וועגן פסיכאלא־גישע טענדענצן, ווי וועגן פערזאנען, וואס פארקערפערן די טענדענצן. אבער די טענ־דענצן ווירקן, טוען זייער חלק גוטס און זיי־ער חלק שאדן, און זיי דארפן אופגעלייכטן ווערן. נאר כדי ניט ארייננצופאלן אין טרו־קענעם פסיכאלאגישן אנאליז, איז מיר באַ־קוועמער צו ריידן וועגן די טענדענצן, ווי זיי וואלטן געווען לעבעדיקע פערזאנען. נאר גע־דיינקען דארף מען, אז דאס זיינען בלויז פסיכאלאגישע עלעמענטן, וואס לאזן זיך מערקן בא דעם אדער יענעם טוער, אבער צום פולן אויסדרוק קומען די טענדענצן בא קיינעם נישט.

האבנדיק געגעבן די ווארנונג הויב איך אן מיין אנאליז:— די קולטוריסטן זיינען צוויי־ערליי: ערשטנס, איז דאס די קולטור־אינ־טעליגענץ, אן אפשפליטערונג פון דעם מיטל־קלאס אינטעליגענץ, דער ראדיקאלערער טייל אירער. געוויינלעך, גייט נישט דער טיפ מענטש צו דער יידישער קולטור. ווען ער ארבעט זיך ארוף, גיט עס אים א צי אוועק צו "האיקלעם סאסייעטי", קלעפט ער צו די "בני ברית" און צו די "עלקס". ווען גאר גוט, שענקט ער אוועק א טייל פון זיין צייט

און געלט צום ציוניזם. אונדזערע זיינען די פֿאַלקסטימלעכערע. זיי האָבן זייערע אינגערע יאָרן אוועקגעגעבן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אין דער אַלטער היים און אין אַמעריקע; געוועזענע מיטגלידער פֿון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען; זיי זיינען געבליבן בײַ זייערע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען, אָבער האָבן מערסטנס אופֿגעגעבן זייער פּאַרטייאישקייט. מען קאָן ניט זאָגן, אַז די יידישע קולטור פֿאַרבייט זיי דעם סאָציאַליזם, נאָר די יידישע קולטור איז זייער סאָציאַליזם.

און אַ צווייטער קלאַס קולטוריסטן, וואָס זיינען בטבע כלל־טוער; זיי זיינען נוטה צו אַלערליי געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט, און יידישע קולטור איז דאָס געציייג פֿון זייער כלל־טועריי.

געוויינלעך הערשט ניט קיין פֿולער שלום־בית צווישן די צוויי טיפּן קולטוריסטן — דעם כלל־טוער און דעם קולטור־אינטעליגענט. מען קריגט זיך אָרום אין דער שטיל, און כדי אויסצומיידן צו קריגן זיך, רעדט מען בעסער אינגאַנצן ניט. מען קומט זיך צונויף בײַ אויסערגעוויינלעכע געלעגנהייטן, בײַ קולטור־ימים טובים. מען פֿאַרבויגט די פּערזענלעכע פֿאַריבלס צוליב דער פֿליכט צו קולטור. אָבער אין די צווישן־צייטן איז דער כלל־טוער פֿול מיט פּראָטעסט קעגן קולטור־אינטעליגענט. וואָס האָט ער צו אים?

אַט די קולטור־אינטעליגענטן לעבן זיך אויס אין זייער קולטור־אינטערעס. זיי געפֿינען אינעם באַשעפֿטיגן זיך מיט יידישער קולטור־אַרבעט זייער פּערזענלעכן פֿאַרגעניגן. עס איז זייער יום טובדיקער צייט־פֿאַרטרייב — ווייט אַוועק פֿון זייערע וואָכעדיקע פּרנסה־זאָרגן. זייער פֿונק נשמה־

יתירה פארטועז זיי דארט. עס איז זייער "סאשעל לאיף".

אין א נויארק האבן אט די קולטור־אינ־טעליגענטן געגוג פלאץ צו פארשפרייטן זיך, געגוג לייכטע אופנים אף אויסצולעבן זיך אין זייער יידישן קולטור־אינטערעס; זיינען זיי זיך צעלאפן אין אלע ווינקעלעך — יע־דער פאר זיך. אבער אין א קליוולאנד, דע־טראיט און טיילווייז אויך אין שיקאגע — האלטן זיי זיך צוזאמען; בילדן זיי א מין קולטור־קלוב, וואס טראגט אריבער זיינע זי־צונגען פון איין פראנט־רום צום צווייטן. דארט פילן זיי זיך ווי אף אן אסיפה פון אויסדערוויילטע. דארט פירן זיי דעם הויכן קולטור־טאן. זיי זיינען שטאלץ דערויף, וואס זיי זיינען פון די געציילטע אין שטאט. זיי ווייסן, וואס עס טוט זיך אין די ליטערא־רישע קרייזן פון נויארק, קענען אנדערציילן די לעצטע נייעס; איניקע האבן אינטים זיך אריינגעלעבט אין דעם לעבן און אין די ווערק פון דעם אדער יענעם גרויסן שריפטשטע־לער. זיי האבן זוכה געווען. איז דאס א יחוס. זיינען זיי די יחסנים, און קוקן אביסע־לע פון אויבן־אראפ אף די ניט־איינגעווייטע.

ברוגזן זיך די כלל־טוער. און ווען זיי זיי־נען אופגערייצט, שרייען זיי: "פארלאר־קולטור פראווען זיי, די אינטעליגענטן!"

זיינען די כלל־טוער גערעכט מיט זייערע טענות? גערעכט און אומגערעכט. אט די קלוב־ארטיקע איינארדנונג, וואס דערקלערט זיך מיט די יידישע קולטור־באדינגונגען אין די פראווינץ־שטעט, האט אירע מעלות און חסרונות.

מעלות: פארלאנגען מיר דען נישט, אז מען זאל נישט פראווען יידישע קולטור פאר

יענעם, נאר אליין זיך אויסלעבן אין איר? האבן לייוויק, ניגער אין ערשטן נומער פון אונדזער "יידיש" דען נישט אויפגעפאדערט אונדז מיר זאלן זוכן פערזענלעכע באפרידי־קונג אין איר?

אט די קולטור־קלובן זיינען דער רוקנביין פון קולטור געזעלשאפט קרייז אין יעדער שטאט. זיי טיילן אויס פון זיך די טוער און אנפירער פון דער ארבעט ארום דער שול, בוד, לעקציע, שריפטשטעלער. זיי טראגן דעם שול־יאך וואו שולן זיינען דא, און מיען זיך צוריק אופשטעלן די שולן וואו זיי זיינען צייטווייליק נישטא. נאר ווייניקע פון זיי האבן זיך אזוי "פאראיידלט" און "פאר־יחוסט" מיט זייער קולטור, אז די "פראס־טע" שול־ארבעט שטייט זיי ניט אן: דאס בוד, דעם שריפטשטעלער און דאס נויאר־קישע דערלאנג זיי.

פונדעסטוועגן, אפילו אט די ווייניקע לאזן זיך היפשלעך קאסטן אף די שולן. און אייני־קע פון אט די "קולטור־יחסנים" האבן זיך שוין אזוי „פארפראסטעט'', אז זיי האבן זיך געשטעלט אין שפיץ פון דער שול־באוועגונג, וואס דאס באווייזט, אז אינדעראמתן זיינען קיין אויסגעשפראכענע "פארלאר־קולטור־ריסטן'' גאר ניטא; עס איז נישט מער ווי א טענדענץ, אבער אויך אלס טענדענץ טוט זי א געוויסן שאדן, וואס דאס ברענגט מיר צו די חסרונות.

די חסרונות: עס באשאפט זיך א מין קולטור קלייזלדיקייט. א מחיצה ווערט גע־שאפן צווישן די קולטוריסטן און דעם ברייטערן עולם. און דער איינדרוק איז, אז מען זוכט די מחיצה פאוואלינקע אופצוהאלטן. דער קולטור קרייז ווערט אן זיין פעריפעריע,

וואס דאס רופט זיך אפ מיט שוואכן באַ־
זוך פון די לעקציעס, מיט אפגעשוואכטן
אינטערעס פון עולם אין קולטור־אַרבעט
בכלל. דער ספּעציעלער אינטערעס פון די
קולטור־קלובן אין די נויאַרקער גדולים פאַר־
וואַנדלט אפּט דעם קלוב אין אַ שטענדיק־
גרייטן קבלת־פּנים־קאַמיטעט.

וואס דאס שפּייזט דעם צאָרן פון די כלל־
טוער. געקעכט. אָבער דער אויסוועג איז
ניט אין צאָרן. אט די כלל־טוער אַליין, וויפל
געלעגנהייטן האָבן זיי פונאנדערצופירן זייַ־
ערע הענט? וויפל מאָל אַ יאָר מאַכט זיך
אַ זשיטלאָווסקי יובל־פייערונג?

מיט דער גרייטקייט צום ברייטן פאַרנעם,
וויפל אַרבעט האָבן זיי עס אַף זיך, צו קאָ־
נען באַווייזן בריהשקייט אַף אַ גרויסן שטיי־
גער? איצט אפילו ווען זיי וואָלטן עס גע־
וואָלט, וואָלטן זיי עס ניט געקאָנט. די פאַר־
שמעלערטע טעריטאָריע פון דער יידישער
קולטור איז אַז אומגליק, און צוליב דעם טאַ־
קי האָבן מיר די פּערזענלעכע פּסיכאָלאָגיע
פון די טוער באַרירט, אָבער דער אויסוועג
איז ניט אין צאָרן, נאָר אין דער אויסברייַ־
טערונג פון געזעלשאַפטלעכן פּראָגראַם. ווען
די קולטור געזעלש. וואָלט זיך געהאַט אַנגע־
צייכנט אַ ברייטערן געזעלשאַפטלעכן פּראָג־
ראַם, און וואָלט אויך באַשאַפן די קאַנדיי־
ציעס אַף דורכצופירן דאָס פּראָגראַם, ערשט
יעמאָלט וואָלטן אונדזערע כלל־טוער געפונען
אַ פאַרווענדונג פאַר זייער איבערפלוס פון
ענערגיע, און וואָלטן קיין צייט נישט געהאַט
און וואָלטן זיך פאַרשפּאָרט קריגן מיט די
קולטור־אינטעליגענטן. דעמאָלט ערשט
וואָלט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די קולטור־
אינטעליגענטן, מיט זייערע קולטוריסטישע

הויז־קלובן, זיינען א געזונטער עלעמענט און קאנען זיין גוטע חברים מיט די כלל־טוער. זיי געהערען צוזאמען. אי די, אי יענע וואלט ניצלער געווארן אין זייערע ראלן. בלויז דער מאנגל אין טעטיקייט שאפט די אפגעשלאסנקייט, מיט אירע באגלייטנדיקע דערשיינונגען, וואס רייצן די כלל־טוער צו מלחמה. אין דעם גייט עס: אנצוטאפן די פאסיקע און נויטיקע טעטיקייט פאר דער קולטור געזעלשאפט.

ווען צ.ב.ש. דער לאזונג "זשיטלאווסקי־דארף" וואלט ערנסט אופגענומען געווארן, וואלטן ערשטנס די כלל־טוער אף אן אמת זיך געפונען, און צווייטנס דוקא די קולטור־קלובן וועלן ווערן די הויפט־טרעגער און די הויפט־שטיצער פון דער באוועגונג. ווארים די מיטגלידער זייערע — אפילו די יעניקע, וואס האבן ניט באלאנגט צו טעריטאריא־ליסטישע פארטייען — די מערסטע פון זיי האבן באלאנגט — האבן א שארפן אינטע־רעס פאר קאלאניזאציע. דער לאזונג "זשיט־לאווסקי־דארף" וואלט דערפרישט און ענער־גיזירט אונדזערע שטעט, און געשאפן דעם שלום בית, וואס ווערט איצט אופגעהאלטן דורך ברוגזן.

דאס איז אונדזער באזע אין די שטעט, און אז מען וויל זיין פראקטיש, טאר מען די באזע נישט אנווערן און זיך אוועקלאזן זוכן נייע באזעס. דאס זיינען זיי, און אזוי ווי זיי זיינען, זיינען זיי. נישט מער, וואס די באזע דארף אויסגעברייטערט ווערן, און די פעריפעריע דארף אויסגעברייטערט ווערן. און דאס קאן נאר געשען, ווען איינהאלטנ־דיק אונדזער פראקטישקייט, וועלן מיר אנ־צינדן א פאקל אף דעם שפיץ־בארג פון אונ־דזער אידעאל, וואס דאס טוען מיר מיט דעם

לאָזונג: "זשיטלאָווסקי־דאָרף". צווישן אונדזער פּראַקטישן ווינקל און דעם פּאַקל אַפן שפּיץ־באַרג איז דאָס פעלד גענוג ברייט.

וועט מען דאָך פרעגן, וואו וועלן מיר נעמען עולם פאַר דעם ברייטערן טעטיקייטס־פעלד? און עס זיינען פאַראַן בעלי־עצות, וואָס ווילן זיין איבערניכטער און איבערפּראַקטיש, און זיי זאָגן: מיר וועלן קיין ברייטן עולם קיינמאָל ניט האָבן. קולטור איז נישט קיין סחורה פאַרן ברייטן עולם. דאַרום לאָמיר אונטערפירן א סך הכל פון די פאַראַנענע כוחות און אָרגאַניזירן זיי — דאָס אַליין וואָס לאָזט זיך טאָן. וואָרים קולטור, ווי יעדע סחורה, דאַרף פּראָדוצירט ווערן נאָר אַף אַזויפיל, וויפל עס זיינען דאָ קונים־בעלנים אַף איר. — פאַלש. מיר זיינען ניט מסכים. קולטור איז אַזאַ סחורה, וואָס באַשאַפט אַליין קונים־בעלנים פאַר זיך. קולטור איז אַ מענטש־באַשאַפנדיקער אַרטיקל. זאָל נאָר זיין דער ריכטיקער אַרטיקל, וועט זיין עולם.

## 5. פּראַקטישע אַרבעטן: שולן, "יידיש", ביכער־פאַרלאַג, ראַיאָן־טעאַטער, יוגנט־אויסגאַבעס.

אונדזער פּראַקטישקייט וועט זיך אויסדריקן אין דעם, וואָס מיר וועלן נישט פליען אין די וואָלקנס, ביז מיר וועלן נישט דערפילן די ערד אונטער די פיס; אויך אין דעם, וואָס מיר וועלן פעסט אָנהאַלטן וואָס מיר האָבן אַף דער האַנט.

מיר האָבן אַף דער האַנט: שולן, "יידיש", פאַרלאַג.

אונדזער צענטראַלע אַרבעט איז אַרום די שולן. וואו עס איז דאָ אַ שול, איז זיכער

דאָ אַ קולטור־קרייז. פאַרקערט קען מען עס נאָך נישט זאָגן. אונדזערע שול־טוער זיינען אודאי אַ טייערער עלעמענט. מערסטנס אַר־בעטער, טאַטעס און מאַמעס, וואָס האָבן זייער קולטור־אויסלעבונג און פערזענלעכן פאַרגעניגן אין דערציען יידישע קינדער אין גייסט פון דער יידישער קולטור. אויב ניט אַלע פון זיי קענען זיך מיט די גדולים פון נויאָרק, קענען זיי זיך אָבער זייער גוט מיט די "קטנים" פון זייערע אייגענע ערטער — מיט די קליינע יידישע קינדער, און זיי האָבן אַ גרויסע הנאה, ווען זיי זעען זיי אויס־וואַקסן גרויסע יידן.

מיט דעם לאָזונג: „פון דער שול, דורך דער שול" לאָזט זיך אַנצייכענען אַ גאַנץ־היפשן קולטור־פּראָגראַם. פון דער שול לאָזט זיך אויסשטרעקן אין אַלע ריכטונגען: צום בוך, צו דער ליטעראַטור, צו דער לעקציע; און דורך דעם קאָנטאַקט מיט די עלטערן פון די שול קינדער צו די פאָלקס־אָרגאַניזאַ־ציעס, אַף צו פאַראינטערעסירן זיי אין שול־און קולטור־אַרבעט.

ביז אַ געוויסן גראַד איז אויך אמת וועגן די שול־טוער, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן די קולטור־אינטעליגענטן: זיי לײַדן פון זעל־ביקן פעלער — אָפּגעשלאָסנקייט. בײַ יענע קולטור־אָפּגעשלאָסנקייט, בײַ די שול־אָפּגע־שלאָסנקייט; בײַ יענע קולטור־קלוב, בײַ די שול־קלוב.

שול־טוער שרעקן זיך אַמאָל אַריבערצו־שפּרייזן דעם גרעניץ פון שול־צירקל און פּונקט ווי מען קאָן פאַרוואַרפן געוויסע קול־טוריסטן, אַז זיי וויכן פון שול־אַרבעט, קען מען געוויסע שול־טוער פאַרוואַרפן, אַז זיי וויכן פון קולטור־אַרבעט, וואָס איז ניט דירעקט פאַרבונדן מיט שול. דאָס טאָר נישט

זיין. אי די, אי יענע כאפן ניט דעם ענגן צוזאמענהאנג.

די שול־טוער האבן זייער אנטשולדיקונג, אז זיי זיינען צו־באלאדן מיט שול־לאסט, בסדר פארטאן אין דאגות אף שאפן די פי־נאנציעלע מיטלען אופצוהאלטן די שול. עס סטאיעט זיי קיין כוח ניט. וואו נעמט מען כוח, וואו נעמט מען געלט אף אויסצובריי־טערן זיך? ווי די זאך שטייט, איז טאקע אמת, וואס זיי זאגן, נאר דער טעות איז, אז ווען מען האלט זיך ענג, איז אויך ענג אין קעשענע. מיט דער אויסברייטערונג פון דער ארבעט, פון דער ספערע פון איינפלוס, וואלטן צוגעקומען כוחות און מיטלען. אין שיקאגע, צום ביישפיל, איז נאך בישט געגוג אויסגענוצט געווארן דער קאנטאקט מיט די עלטערן, וועלכע וואלטן געקאנט דינען אלס וועגווייזער־אריינפירער אין די לאנדסמאנ־שאפטן. און עס וואלט זיך "באצאלט". עס וואלט זיך פארגרעסערט די צאל קינדער. עס וואלט זיך פארמערט די צאל שולן. ווי דער אפעטיט קומט מיטן עסן, אזוי קומען די גע־לעגנהייטן מיט די גרעסערע פליכטן. א "קא־מיטעט פאר אויסברייטערונג" דארף אומבא־דינגט פונקציאנירן בא יעדער שול־פארוואל־טונג.

***

נאר קיין ספק ניט, אז די קולטור געזעל־שאפט בכלל, און די קולטור געזעלשאפט פון מיטל־מערב ראיאן בפרט, נויטיקן זיך אין אן איינגענעם ארגאן. א טיכטיקער אר־גאן וואלט אפילו אופגעבויט די קולטור גע־זעלשאפט. קיין אנדער פרעסע, די טאג־פרע־סע אודאי ניט, וועט עס ניט טאן פאר איר.
די קולטור געזעלשאפט, די יידישע קול־

טור האָבן געהאַט שלעכטע קעסט בײַ דער פּרעסע. די פּרעסע האָט זײערע פּראָבלעמען באַרירט, אױף װיפֿל זײ זײַנען געװען אַ סחורה, װאָס האָט געקאָנט צוציען אַ געװיסן קלאַס לעזער. זי האָט זײ אױסגענוצט און ניט מער, און זי האָט גאַנץ אײפּערזיכטיק אַכטונג געגעבן, די קולטור געזעלשאַפֿט זאָל דערפֿון װאָס געװינען. די ײדישע קולטור זאָל חלילה ניט װערן צו זעלבסטשטענדיק בײַ זיך. זי זאָל חס ושלום ניט אײנשטעלן אַ צײַטשריפֿט, װאָס זאָל װערן אַ געזעלשאַפֿטלעכער כּוח, איר, דער פּרעסע, צום שאָדן. שױן אָפּגערעדט דערפֿון, אַז נישט די טאָג־צײַטונג און קײן אַנדער צײַטשריפֿט האָבן נישט געגעבן אױסדרוק צום פֿולן באַװאוסטזײַן פֿון דער ײדישער קולטור. דער פֿולער ײדישיסטישער, קולטור־טעריטאָריאַליסטישער אידעאַל, װי ער איז אױבן געשילדערט געװאָרן, האָט ערגיץ ניט און קײנמאָל ניט געהאַט קײן געלעגנהײט אַלזײַטיק און סיסטעמאַטיש אַרױסגערעדט צו װערן.

אַט די אַלע פּאַרנאַכלעסיקונגען זײַנען געראָד די מאָמענטן, װאָס האָבן געקאָנט שטאַרקן אַן אָרגאַן פֿון דער קולטור געזעלשאַפֿט. די אױפֿדעקונג פֿון דעם אמת װעגן דער פּרעסע, די דעמאַסקירונג פֿון איר באַהאַלטענעם אַנטי־קולטוריזם, איז אױך אַזאַ מאָמענט. און דאָס ניט אָװעקקוקן פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע װאונדן, װאָס רײַסן די אױגן און װעלכע מען מאַכט זיך אינגאַנצן ניט זעענדיק — איז אױך אַזאַ מאָמענט. עס איז דאָ גענוג שפּײַז אױף צו האָדעװען אַ קולטור־געזעלשאַפֿטלעכן אָרגאַן, װאָס זאָל גלײַכצײַטיק האָדעװען די קולטור געזעלשאַפֿט גופֿא.

און אַ לעבעדיקע שײַכות צו די שרײַבער

און קולטור־טוער אױף די ערטער דאַרף איינ־
געשטעלט ווערן. די ענגע ראַמען פון
"יידיש" דאַרפן אױפגעריסן ווערן. ניט קיין
קולטוריסטישע פּאַד־צייטונג, נאָר אַ קולטור־
געזעלשאַפטלעכער אָרגאַן זאָל "יידיש" זיין!
און דאָס שטימט אױך מיט די וואונטשן פון
אַ צאָל אַקטיווע חברים, וועלכע האָבן אין
גייסט פון אָט די רעקאָמענדאַציעס געפירט
זייער דיסקוסיע וועגן "יידיש" אױפן "ראַי־
קאָם"־פּלענום אין גרענד ריפּידס.

**
*

דאָס אַרויסגעבן די "גאולה־קאָמעדיע",
וואָס דורך אָט דער אונטערנעמונג האָט דער
ראַיאָן זיך אַוועקגעשטעלט אַלס פאַרלעגער,
אין שותפות מיטן ל. מ. שטיין פאַרלאַג —
איז געווען אַן אויסגעצייכנטער אָנהייב אין
דער ריכטונג פון איינשטעלן אַ געזעלשאַפט־
לעכן קולטור־פאַרלאַג. די אַקציע האָט זיך
געקרוינט מיט אַ ריזיקן מאָראַלישן און אַ
פאַרהעלטניסמעסיקן גוטן פינאַנציעלן דער־
פאָלג. דאָס ווערק האָט אױפגערודערט די
גאַנצע יידישע ליטעראַרישע וועלט־אַרענע,
און דער ראַיאָן האָט דורך דעם זיך דער־
וואָרבן אַ פּאָזיציע אין "יידישלאַנד". עס
האָט געבראַכט אין באַוועגונג אַ לעבעדיקע
פּריוואַט־פאַרלעגערישע טעטיקייט אין שי־
קאַגע און אפשר זיינען די סימנים פון אױפלע־
בונג, וואָס מערקן זיך לעצטנס אױפן יידישן
ביכער־מאַרק, אויך צו פאַרדאַנקען דער פאַר־
לעגערישער איניציאַטיווע פון ראַיאָן?

עס איז זיכער געווען זייער פּראַקטיש צו־
צובינדן די איניציאַטיווע צו דעם באַרימטן
נאָמען ה. לייוויק. אָבער די אָריגינעלע כונה,
אַז די התחלה זאָל דינען אַלס באַזע פאַר אַ
געזעלשאַפטלעכן פאַרלאַג — איז דערווייל

נאָך ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. דער ער־
שטער דערפאָלג איז נישט פול אויסגענוצט
געוואָרן. דאָס יאָר איז אַריבער אַז אַ נייעם
פּרואוו. די טענדענץ, וואָס מערקט זיך צו
באַנייען דעם פאַרזוך מיט ווידעראַמאָל זיך
צובינדן צו אַ פּאַרטיק־באַרימטן נאָמען, איז
נישט אין דער געהעריקער ריכטונג — עס
וועט ניט פירן צו דער גרינדונג פון אַ קול־
טור־געזעלשאַפטלעכן פאַרלאַג. צו זיין אויס־
גערעכנט בלויז אַף אַ געזיכערטן אָפּזאַץ אַפן
ביכער־מאַרק — דאָס פּאַסט גיכער פאַר אַ
פּריוואַטן קאָמערציעלן פאַרלעגער. יעדער
סוחר וועט זיין אַ בעלן אַף פּאַרטיקער
סחורה. קולטור־שעפעריש זיין מיינט אפשר
גאָר אַרויסראַטעוועו פון פאַרלאָרן גיין ווערק
וואָס, ווען אַרויסגעבראַכט, וואָלטן זיי מעג־
לעך געוואונען פאַר זיך אַ געהויבענעם אָרט
אין דער ליטעראַטור און אַנזען פאַר דעם
נאָך־נישט באַרימטן שרייבשטעלער. דאָס
וועט געפאַלן שווערער, עס וועט נישט אַזוי
גרינג זיין צו שאַפן אײַנפאַרוים די נויטיקע
פינאַנציעלע מיטלען, עס וועט אפשר אויך
זיין פאַרבונדן מיט גרעסערע קאָסטן —
דאַרף אַ פּלאַן אויסגעאַרבעט ווערן, וואָס זאָל
דאָס אַליץ דערמעגלעכן. אַזוי צי אַנדערש,
דאָס קומענדיקע יאָר טאָר ניט דורכגעלאָזט
ווערן אַז אַ ניי־פאַרעפנטלעכטן בוך; אַניט
וועט עס הייסן, אַז דער ערשטער גרויסער
געווינס איז פאַרתכלעוועט געוואָרן.

**
*

צו די דריי טעטיקייטן, וואָס זיינען
שוין דאָ אין דער פּראַקטיק פון ראַיאָן —
שולן, "יידיש" און פאַרלאַג — דאַרפן צו־
קומען נאָך צוויי: איינע, די טעאַטראַלישע,
וועלכע איז שוין האַלב דאָ און דאַרף פאַר־
שטאַרקט ווערן, און די טעטיקייט פאַר דער

יוגנט, צו וועלכער מען טרעט ערשט צו.

עס פונקציאָנירן טעטיקע דראַמאַטישע קרייזן אין אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַרבינדונג מיט דער קולטור געזעלש.—אין דעטראָיט, קליוולאַנד, גרענד ראַפּידס, און ניט אין אַזאַ ענגער פאַרבינדונג אין שיקאַגע. די אַלע פיר וועלן האָבן זייער ערשטן צוזאַמענקונפט אין אַ שפּיל־געוועט באַם צוזאַמענפאָר. זיי דאַרפן ווערן פיר גלידער פון איין געמיינ־שאַפטלעכן טעאַטראַלישן קערפּער.

דער ראַיאָן אַלס גאַנצער האָט ניט געננוג אָפּגעשאַצט די גרויסע מעגלעכע ראָל פון גע־שפּילטן וואָרט אַף אַלע געביטן פון קולטור־טעטיקייט — אין דערציאונג, אין ליטעראַ־טור־שאַפונג און אין קולטור־געזעלשאַפט־לעכן לעבן בכלל. דער ראַיאָן איז זיך ניט באַוואוסט וועגן דעם, אַז אין דעם חורבן צו וועלכן עס האָבן דערטריבן דאָס יידישע טע־אַטער־וועזן אין אמעריקע די פּריוואַטע, אומקולטורעלע וואולגאַרע טעאַטער־געשעפט־מאַכער, אַז אין אָט דעם חורבן לייגט זיך אַף זיי טאָפּלט די פליכט צו העלפן אופ־שטעלן אַ געזעלשאַפטלעכן קינסטלערישן טעאַטער. און די פונקציאָנירנדיקע דראַמאַ־טישע קרייזן, אונטער דער פירערשאַפט פון אַ קינסטלער־רעזשיסער, האָבן געקאָנט די־נען פאַר אַן אָנשפּאַר.

אַפן געביט פון דערציאונג האָט בלויז אין דעטראָיט פאַרשטאַנען, אַז אַ דראַמאַ־טישע קינדער־סטודיאָ געהערט אומבאַדינגט צו אַ פול־אַנטוויקלטן שול־סיסטעם. די פּע־דאַגאָגיק וויים אַן אַ שיעור צו זאָגן וועגן דער באַדייטונג פון שפּיל־מעטאָד אין אונ־טעררריכט. ווען דאָס קינד שפּילט, לערנט עס פינף מאָל אַזוי גוט, ווי ווען עס הערט בלויז. נאַטירלעך, מוז פריער געלערנט ווערן. ווען

א קינד שפּילט ניט געלערנטערהייט, איז זיין שפּילן בלויז אַ שפּילן זיך. אַ קינדער־פּאַר־שטעלונג, לאָמיר זאָגן, אַלע פיר וואָכן, ברענגט צו אַ סך־הכל דאָס געלערנטע פאַרן חודש און קריצט איין דעם סך־הכל אין זיין נפש און זכרון. געלויפּיקער יידישער גע־שפּרעך בלייבט קלעפּן צו זיין גומען אַף אַלע זיינע יאָרן.

דער ביישפּיל פון דעטראָיט, וואו די קינ־דער־סטודיאָ און די יוגנט־סטודיאָ, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון משה האָר, באַדינט אַלע טיפּן יידישע שולן — דער ביישפּיל ווייזט, אַז דאָס איז דער וועג ווי צו געווי־נען די הערצער פון די קינדער, פון די על־טערן און פון דער גאַנצער פאָלקס־מאַסע. עס וועקט דעם עפנטלעכן אינטערעס און שאַפט אַן אַטמאָספערע פון סימפּאַטיע פאַר דער יידישער שול־באַוועגונג.

אַפן געביט פון ליטעראַטור — אונטער די ספּעציעלע שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע די יידישע ליטעראַטור איז געשטעלט, ווען אַ מחיצה שטייט צווישן בוך און דער פאָלקס מאַסע, און דאָס בוך קאָן די מחיצה נישט אַריבער — איז טעאַטער אפשר דער פּאַסיק־סטער מעדיום. טעאַטער האָט אַ ברייטערע אַפּיל־קראַפט; וואו בוך דערלאַנגט זיך ניט, דערלאַנגט דער טעאַטער. עס וועט אפשר אַמאָל אויסקומען צוצוטראָגן דער פאָלקס־מאַסע דעם גאַנצן אינהאַלט פון דער יידי־שער ליטעראַטור אין טעאַטראַליזירטער פאָרם, כדי איבערצוגיסן אין איר נשמה דעם גאַנצן שטראָם פון שעפערישער ענערגיע, וואָס פלייצט דורך דער ליטעראַטור.

אַ קולטור געזעלשאַפט, וואָס זוכט צו דער־גרייכן דעם ברייטן עולם און שלאָגט זיך אָפּ

אַז מניעות וואָס שטייען אין וועג און נאָך די אַלע אומזיסטע מאַטערנישן קאָן זי די מניעות ניט בייקומען — אַ קולטור געזעלשאַפט טאָר ניט פאַרזען אַט דעם מאָמענט — דעם ווייטערן דערגרייך פון טעאַטראַלישן איבער דעם ריין־ליטעראַרישן פּראָדוקט.

אַ קולטור געזעלשאַפט, וואָס האָט אונטער איר האַנט אַ טעאַטער־אינסטיטוציע, וואָלט שוין לאַנג אופגעריסן די טירן פון די פאָלקס אָרגאַניזאַציעס, פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, פון די יוניאָנס, פון די אָרדנס — און דורך די אופגעבראָכענע און געעפנטע טירן וואָלט זי לייכט געקאָנט אונטערקומען מיט איר קולטור־ פּראָפּאַגאַנדע — פאַר דעם בוך, פאַר דער שול — און טאָקע מיט די ביכער און מיט די שולן גופא אויך.

אַ חוץ דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער ניצלעכקייט, איז טעאַטער, זעלבסטפאַר־שטענדלעך, פאַר זיך אַליין אַ שטיק לעבעדי־קע קולטור. טעאַטער רעאַליזירט די ליטע־ראַטור; דערפירט די זעאונגען פון דער לי־טעראַטור צו אַ ממשותדיקייט, וואָס איז אַם נאָענטסטן צום לעבן. און אין אונדזער חלום וועגן מקוים ווערן פון פולן יידישן קולטור־אידעאַל אין יידישן לעבן, אין אונ־דזער חלום וועגן אַ קולטור־צענטער, וועגן אַ קולטור־נעסט אין אַ יידישער קאָלאָניע — וועט טעאַטער נאַטירלעך זיין אונדזער הויפט געצייג און הויפט־מעטאָד. דער צוקונפט־יום־טוב וועט אויפגעשפּילט ווערן דורך טע־אַטער. מיר וועלן סדרן די צוקונפט דורך טע־אַטער — אָבער לאָמיר ניט אַוועקחלומען צו ווייט.

אין דער רעאַלער ווירקלעכקייט האָבן מיר שטאַרק געזינדיקט קעגן אונדזער טעאַטער־

פליכט — און עס קאָן נאָך אויפגעטאָן ווערן
אַ סך פּראַקטישעס ביז מיר קומען צו אונ־
דזער חלום. בײַ דער געלעגנהייט, וואָס אונ־
דזערע פיר דראַמאַטישע געזעלשאַפטן וועלן
זיך צונויפטרעפן בײַם צוזאַמענפאָר, און בײַ
דער געלעגנהייט, וואָס די שותפות פון בן־
עמי מיט דער שיקאַגער דראַמאַטישער גע־
זעלשאַפט זיכערט אונדז אַ קינסטלערישן
טעאַטער־סעזאָן, און בײַ דער דריטער גליק־
לעכער געלעגנהייט, וואָס בן־עמיס הויפּט־
אויפפירונג וועט זײַן לייוויקס נייסטע און,
ווי עס לאָזט זיך פאַרויסזען, דראַמאַטיש־
שטאַרקסטע פּיעסע — „דער פּאָעט וואָס
איז געוואָרן בלינד" — וואָס וועגן אָט דער
הילף פון אַזעלכע צוויי גרויסע שותפים, ווי
לייוויק און בן־עמי, האָבן מיר אפילו חלומען
ניט געוואָגט — בײַ אָט דער פּינפאַך־גליקלע־
כער געלעגנהייט וואָלט געווען ממש אַ פאַר־
ברעכן דורכצולאָזן די גאַנץ רעאַלע מעג־
לעכקייט צו פאַרווירקלעכן אַ פּלאַן, וואָס
פּלאָנעוועט זיך שוין יאָרן — אויפצושטעלן
אַ וואַנדערנדיקן קונסט־טעאַטער פאַרן ראַ־
יאָן. דער פונדאַמענט פאַר דעם בנין קאָן
געלייגט ווערן בײַם צוזאַמענפאָר מיט דעם
רוף צו אַ טעאַטער־קאָנפערענץ, אויף וועלכער
אַלע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע קרייזן
פון מיטל־מערב ראַיאָן זאָלן זײַן פאַרטראַטן.

ענלעכע רייד זײַנען שוין ניט איינמאָל גע־
רעדט געוואָרן אויף אונדזערע צוזאַמענפאָרן.
דער פערטער צוזאַמענפאָר דאַרף געבן אַ
שבועה ניט אָפּצושטעלן זיך בײַ רייד.

**
*

דער פּיטסבורגער קולטור־קרייז, מיט זײַן
אַרויסגעבן דר' זשיטלאָווסקיס רוף צו דער
יוגנט אין ענגלישער איבערזעצונג, האָט אָנ־

געהויבן א פראַקטישע אַרבעט, וואָס האָט שוין לאַנג געוואָרט מען זאָל זי אָפּנעמען, און האָט ווייטער נישט געטאָרט אָפּגעלייגט ווערן. עס איז אַזוי פּשוט: מען דאַרף גיין אַהין, וואו אונדזער יוגנט געפינט זיך, און דער פאַקט איז, אַז די גאַר גרויסע מאַיאָרי־טעט פון אונדזער יוגנט געפינט זיך אויף יענער זייט פון אונדזער שפּראַך־שוועל, אויף דער טעריטאָריע פון דער ענגלישער שפּראַך, און אַלע אונדזערע ווענדונגען צו איר אין יידיש האָבן זי ניט דערגרייכט און וועלן זי ניט דערגרייכן. דער געבאָט, אַז ריידן מעגן מיר נאָר צו יענעם קלענסטן טייל פון אונד־זער יוגנט, וואָס איז דורכגעגאַנגען אונדזערע שולן, איז אַ פּראַקטישער אומזין, וואָס האָט שוין געבראַכט אונדז גרויסן שאָדן געטאָן.

מען דאַרף צוגעבן, אַז ניט בלויז קורצ־זיכטיקייט, נאָר אויך אַ געוויסער פּאַראור־טייל וואָס האָט זיך איינגעוואָרצלט בײַ אונדזערע יידישיסטן, האָט ביז אַהער אונדז אָפּגע־האַלטן פון אַט דעם נויטיקן שריט — אַרי־בערצוטראָגן אונדזער פּראָפּאַגאַנדע אין ענגליש. דער אַרגומענט איז געווען: איז דען ניט דער זין פון יידישיזם: קלאַמערן זיך צו יידיש, אונטער אַלע אומשטענדן, כּדי צו שאַפן אַן איינענע יידישע גייסטיקע בּאַלע־באַטעשקייט? אַזוי גיך מיר הויבן אָן אַרי־בערטראָגן אפילו אַ טיילכעלע פון אונדזער אידייען־אוצר — זאָל זיין אפילו די פּראָ־פּאַגאַנדע פאַר דער יידישער שפּראַך און קולטור — אין אַ פרעמדער שפּראַך, נעמען מיר באַרייכערן די פרעמדע, ניט די איינענע גייסטיקע באַלעבאַטעשקייט. און וואו וועלן מיר זיך אָפּשטעלן? עס איז דאָך קיין גרע־נעץ ניטאָ. אָנהויבנדיק פון אַ בראַשורע, וועלן מיר אַריינגעצויגן ווערן אין אַ פּאָ־

לעמיק, וואס וועט צווינגען, אַז אונדזערע טעאָרעטיקער און פּובליציסטן זאָלן זיך אָוועקזעצן שרייבן ביכער אין ענגליש — און אַזוי אַרום וועלן די ענגליש־רייד־נדיקע יוגנט און אינטעליגענץ, וועלכע מיר ווילן דערגרייכן, ביסלעכווייז אונדז אריבערנעמען צו זיי, ניט מיר זיי צו זיך.

דאָס איז געווען דער אַרגומענט. נו, זאָגן מיר, דער אַרגומענט האָט געקאָנט גילטן, כּל זמן עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּראָק־לאַמירן די זעלבסטשטענדיקייט, דעם זעלבסט־ווערט פון דער יידישער קולטור אַף יידיש לגבי די פרעמד־שפּראַכיקע קולטורן. דאָס איז שוין דערגרייכט געוואָרן. מיר האָבן זיך שוין דערוואָרבן אַ גאַנץ היפּשע אייגענע באַלעבאַטעשקייט. די שעפערישע יידישע ליטעראַטור, אונדזער שול־סיסטעם, אונדזער פּרעסע, אונדזער טעאַטער, דער וויסנשאַפט־לעכער אינסטיטוט זאָגן עדות פאַר דער וועלט אַף דער זעלבסטשטענדיקייט, אַף דעם זעלבסטווערט פון דער יידישער קולטור. איצט דאַרפן אונדזער יוגנט, אונדזער אינ־טעליגענץ, וואָס שטייען אַף יענער זייט שפּראַך־שוועל, אָנקומען צו איבערזעצונגען פון יידיש, אויב זיי ווילן זיך באַקאַנען מיט טיילכעלעך פון אונדזער רייכן אוצר. איצט דאַרפן מיר גאָר קיין מורא ניט האָבן אַרי־בערצוטרעטן די שפּראַך־שוועל פאַר פּראָפּאַ־גאַנדע־צוועקן. מיר זיינען באַוואָרנט קעגן ריזיקעס.

דר' זשיטלאָווסקי, דער פאָטער פון יידי־שיזם, איז געווען דער ערשטער מתיר צו מאַכן דעם שריט. אין ערשטן נומער "יידיש" האָט ער אונדז אויפגעפאָדערט מיר זאָלן זיך ניט באַנוגענען מיט איין בראָשורע, נאָר נאָכפאָלגן די ערשטע בראָשורע מיט אַ סיס־

טעמאַטישער פּעריאָדישער פאַרעפנטלעכונג פון אַזעלכע און ענלעכע ענגלישע בראָשורן, וואָס זאָלן ניט נאָר געבן פּראָפּאַגאַנדע, נאָר אויך דירעקט רעפּרעזענטירן די יידישע קול־טור און ליטעראַטור; און פאַר דער באַרו־איקונג פון געקרענקטן געוויסן פון די אַלט־גלויביקע יידישיסטן, רעקאָמענדירט ער מיר זאָלן צוגעבן בראָשורן מיט יידישן טעקסט אין לאַטייניש ער טראַנסקריפּציע.

גרייליד מענגלעד, אַז אַ יאָר אָדער צוויי סיסטעמאַטישע אַרבעט אין דער אַנגעוויזע־נער ריכטונג וועט זיך קרוינען מיט אַזאַ דער־פאָלג, אַז עס וועט נויטיק ווערן אַ פּעריאָ־דישער יוגנט־זשורנאַל מיט יידישן טעקסט אין לאַטייניש ער טראַנסקריפּציע — און מיר וועלן האָבן איבערגעוואונען אויף אונדזער זייט לכל הפּחות יענעם טייל פון אונדזער יוגנט, וואָס שטאַמט פון אונדזערע יידיש־ריידנדיקע היימען. וואָס דאָס וואָלט געמיינט פאַר אונדז אין דער איצטיקער צייט, איז גאָרניט אָפּצושאַצן.

עס איז אַן אויפגאַבע, וואָס פאַרדינט די פולע אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער קולטור געזעלשאַפט איבערן לאַנד, און ווען אונדזער ראַיאָן וועט אַרויסטרעטן אין אַ פּי־אָנערן־ראָלע, וועט ער גאָר פיל העלפן צו אויפלעבונג, נאָר וועלכער די קולטור געזעל־שאַפט גאָרט. דער צוזאַמענפאָר זאָל און מוז אָננעמען אַלע נויטיקע מיטלען די אויפגאַבע זאָל ווערן אַ הויפּט־שטיק פון אונדזער פּראַקטיק פאַרן קומענדיקן יאָר.

## 6. די געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבעס, וואָס ליגן אויף מיטלווענ.

די פיר־פינף פּראַקטישע אַרבעטן — די שולן, „יידיש“, ביכער־פאַרלאַג, ראַיאָן־טע־

אטער, יוגנט־אויסגאבעס — קאנען האלטן דעם מיטל־מערב ראיאן אזוי באשעפטיקט, אז עס זאל גאר קיין צייט נישט בלייבן צו פרעגן: וואס טוט מען? וואס זאל די קול־טור געזעלשאפט אנהויבן צו טאן? אונדזערע קולטור־טוער פון אלע טיפן — דער קולטור־אינטעליגענט, דער כלל־טוער, דער לערער, דער שול־טוער, דער שרייבער — וועלן האבן זייערע ביידע הענט פארנומען א קיילעכדיק יאר — יעדער אף זיין פאזיציע און אלע צוזאמען אין א שותפות.

דער באשיידענער פראקטישער ווינקל וועט דערהויבן ווערן צו א פראקטישער פעסטונג. און מיט דעם פאקל, וואס מיר וועלן אנצינדן אפן שפיץ־בארג פון אונדזער אידעאל — דער קולטור־קאלאניע־נעסט — וועט פון זיך אליין זיך אנצייכענען דעם מיטל־וועג צווישן אידעאל און פראקטיק.

אף דעם מיטל־וועג ליגן אויסגעלייגט א צאל פראבלעמען, וואס מיר זיינען געוואוינט צו באצייכענען אלס אונדזערע געזעלשאפט־לעכע אופגאבעס. דאס גאנצע פראגראם פון דער צוקונפטיקער קולטוריסטיש־טעריטאריאליסטישער פארטיי ליגט דארט — דאס פראגראם וואס דארף זיך קרוינען מיט דעם איבערבוי פון דער יידישער עקאנאמיק, מיט אינדוסטריאליזירט־אגריקולטורעלער קאלא־ניזאציע, מיט א מין טעריטאריאליזם, צוגע־פאסט צו די אומשטענדען אין אמעריקע; וואס אף דעם חשבון פון אט דעם ניט־אויס־גענוצטן הפקר־ליגנדיקן פראגראם האבן א צאל שרייבער, וואס האבן גערעדט פאר דער קולטור געזעלשאפט, זיך געהאט דערערעדט ביז צו דער אידייע פון גרינדן א נייע יידיש־סאציאליסטישע פארטיי.

אבער ביז צו דער קרוינונג פון פראגראם

מיט אַמעריקאַניזירטן טעריטאָריאַליזם באַטן זיך אָן ארבעטן — מעגלעכע און דורכפיר־באַרע — וואָס דאַרפן באַפרידיקן די דרינג־דיקע נויטן פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע אין אַמעריקע; די ספּעציעלע סאָציאַלע, פּאָליטיש־עקאָנאָמישע יידישע נויטן, ווי די ארבעט קעגן שטילן סיסטעמאַטישן באָיקאָט, וואָרט ווערט אָנגעפירט קעגן יידישע ארבע־טער, אָנגעשטעלטע און פּראָפעסיאָנאַלן; די רעאָרגאַניזאַציע, מיט רעגירונגס־הילף, פון די יידישע פאַכן און פּראָפעסיעס; דער עיקר וואָרטן און שרייען געוואַלט די ספּעציעלע יידישע קולטור־נויטן, וואָס פאַר זייער באַ־פרידיקונג ליגן אויסגעאַרבעטע גרייטע פּלע־נער, ווי רעגירונגס־שטיצע — דורך די שטאַט־ און שטאַט־רעגירונגען — פאַר די עקזיסטירנדיקע יידישע שולן; אָדער יידיש אונטעררריכט אין די מלוכה־שולן. דאָס זיי־נען גרייטע געזעלשאַפטלעכע פליכטן, וואָס זיינען פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן פון אַלעמען — די פאַרנאַכלסיקטע פליכטן פון אַלע יידי־שע פּאַרטייען, וואָס פאַר די אַלע יאָרן, וואָס זיי עקזיסטירן, האָבן זיי נאָך אַלץ ניט באַ־וויזן אַ קער צו טאָן זיך מיטן פּנים צו די יידישע נויט־פּראָבלעמען אין אַמעריקע, וויפל מאָל זיי האָבן עס ניט צוגעזאָגט צו טאָן. דאָס זיינען די פאַרנאַכלעסיקטע פליכטן פון אַמעריקאַנישן יידישן קאָנגרעס און לעצטנס אויך פון יידישן אַרבעטער־קאָמי־טעט, וואָס האָבן באַ זייערע גרינדונגען און פונדאַסניי־גרינדונגען בפירוש אויסגערעדט און אין זייערע פּראָגראַמען אריינגעשריבן צו פאַרנעמען זיך מיט יידיש־אַמעריקאַנישע פּראָבלעמען, און זיינען געבליבן באַ זייערע רייד און פּראָגראַם־פּונקטן: זיי האָבן נאָך גאָרניט געטאָן צו באַרעכטיקן זייערע פּרעטענ־

זיעס; קיין שום יידיש־אמעריקאנישע טעטי־
קייט, כאטש אין די פראגראמען איז דאס
דא. און אהער דארפן אויך ארייננערעכנט
ווערן די פארנאכלעסיקטע פליכטן פון די
שול־ און קולטור־ארגאניזאציעס, וואס זיי־
נען צוגעשפיליעט צו די ארדנס, מיט דער
הויפט־פליכט פון קאארדינאציע פון די שולן
וועלכע איז שוין באריםט געווארן דורך א
צענדליק־אנגענומענע רעזאלוציעס, וואס מען
ווייס אינפארויס באם אננעמען זיי, אז זיי
וועלן ניט געהאלטן ווערן.

מיר ווייסן אינפארויס — וואס עס איז
אונדז ניט געלונגען דורך די אלע יארן,
וועט אונדז ניט געלינגען דעם קומענדיקן
יאר אויך ניט. מיר וועלן זיכער די פאר־
טייען ניט בעסער מאכן. עס איז א גרויס
ספק, צי מיר וועלן אויסבעסערן דעם יידישן
קאנגרעס אדער דעם ארבעטער־קאמיטעט.
און מיר וועלן ניט פועלן בא די ארדנס, זיי
זאלן אופגעבן זייער סעפאראטיזם אין קול־
טור־ענינים. מיר וועלן ניט פועלן בא זיי
קיין קאארדינאציע פון די שול־סיסטעמען,
אפילו נישט אין דעם מינדעסטן גראד, ווי
דרינגענדיק עס זאל ניט זיין די נויט אין קא־
ארדינאציע אין די אינטערעסן פון יעדער
שול־ריכטונג באזונדער. די דערפארונג האט
אונדז געלערנט, אז די אנפירנדיקע אינ־
סטאנצן פון די ארדנס קוקן אף זייערע שול־
און קולטור־ארגאניזאציעס, ווי אף זייער
הויפט־מיטל אין קעגנזייטיקער קאנקורענץ:
אפילו ווען זיי זיינען אין הארצן קעגנעריש
צו די שולן, קלאמערן זיי זיך אז זיי אף אזוי־
פיל, וויפל זיי זאמלען פאר זיי אנזען און
פרעסטיזש. אבער נישט מער. וועלן זיי
דאך זיך ניט גיין טיילן מיטן פרעסטיזש מיט
די קאנקורירנדיקע ארדנס.

און וואָס עס וואָלט געווען זעלבסטפאַר־
שטענדלעך אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן —
די שאַפונג פון אַ פאַרייניקטן קולטור־פראָנט
— אין אַ צייט, ווען פאַרייניקטע פראָנטן
זיינען אין דער מאָדע — האָט קיין ברעקל
שאַנס ניט אויף פאַרווירקלעכונג אונטער דעם
אַבנאָרמאַלן יידיש־געזעלשאַפטלעכן רעזשים;
אפילו ניט אויף אַזויפיל פאַרייניקטער קולטור־
פראָנט צו דערלאָזן אַ שותפותע געלט־קאַמ־
פּאַניע פאַר אַן אַלגעמיינעם שול־קולטור־
פאָנד. הגם זיי אַלע דוחקן זיך אין געלט־
מיטלען אויף זייערע שול־ און קולטור־
הצטרכותן. אָבער איידער דעם קאָנקורענט
זאָל אַ שטיקל געלט־טובה אַרויסקומען, איז
בעסער גאָרניט. "אונדז ניט, און זיי אויך
ניט".

עס איז פאַרלויפיק אַ פאַרלוירענע האָפע־
נונג איינצואווירקן אויף די פּאַרטייען און די
אָרדנס און די אויבנדערמאָנטע אָרגאַניזאַ־
ציעס, אָבער די קולטור געזעלשאַפט טאָר
פון דעם פאַרייניקונגס־ציל, וואָס זי האָט
זיך געשטעלט, ניט אָפּלאָזן. זי דאַרף ניט
אויפהערן מאָנען און פאָדערן אַ קאָאָרדינאַ־
ציע, אַ פאַרייניקטן קולטור־פראָנט, אַ גע־
מיינשאַפטלעכע שול־קאַמפּאַניעס. און ניט
פאַרשווייגן דעם יידישן קאָנגרעס און דעם
יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, וואו מיר האָבן
פאַרשטייער, אָדער קאָנען האָבן פאַרשטייער,
זיי זאָלן אויפנעמען די צוגעזאָגטע יידיש־
אַמעריקאַנישע טעטיקייטן. דער יידישער אַר־
בעטער־קאָמיטעט האָט דאָך דאָ און דאָרט
רעפּרעזענטאַנטן אין די שטאָט־פאַרוואַלטונ־
גען און אין די שטאַט־לעגיסלאַטורן — פאַר
וואָס ניט באַקענען זיי מיט די פאָדערונגען,
אויף אַריינצושטעלן אין זייערע וואַל־פּלאַט־
פאָרמעס, פון יידיש אונטעררירכט אין די

מלוכה־שולן, אדער פון רעגירונג־שטיצע פאר די עקזיסטירנדיקע יידישע שולן? און ווען עס איז אמת צ.ב.ש., אז דער שיקאגער אפטייל פון יידישן קאנגרעס האלט באם באשליסן וועגן א קאמפאניע פאר א "דזשע־נעראל עדיוקיישאנאל פאנד" — פארוואס ניט אויסדינגען בא זיי, אז א געהעריקער חלק זאל צוגעטיילט ווערן די יידישע שולן אין שיקאגא? און טאמער ניט נאכגעגעבן, דעמאסקירן זיי און ארויסשטעלן זיי אלס ליגנער — זאל מען וויסן ווער איז ווער...

אפילו אף גארנישט אויסצופירן, וועט עס ניט זיין קיין פארשפילטע מי. וואָרים אף אט די פארנאכלעסיקונגען פון די פארטייען, ארדנס, קאנגרעס און ארבעטער־קאמיטעט וועט אויפגעבויט ווערן די קינפטיקע יידיש־קולטוריסטישע פארטיי. דארפן די פאר־נאכלעסיקונגען ארויסגעבראכט ווערן פאר דער יידישער עפנטלעכקייט. בלייבט עס צו ארבטן אין דער ריכטונג פון דער קינפטי־קער פארטיי. אויב ניט אויסגעפירט, בלייבט עס אגיטאציע. פארשטארקט עס דעם איינ־פלוס פון אונדזערע אידייען. דינט עס צו דער אויסברייטערונג פון אונדזער פעריפע־ריע. דארום זוכן אן אנהאלטנדיקן קאנ־טאקט און קאאפעראציע אומעטום וואו נאר מעגלעך. און נאכאמאל זיך געמיט פאר די־זעלביקע לאזונגען: קאארדינאציע, פאריי־ניקטער קולטור־פראנט א. אז. וו.... און גיין אליין — צו די פארטייען, צו די ארדנס. ווי ווייט רעכט, אדער ווי טיף לינק צו גיין — דאס דארף איבערגעלאזן ווערן פאר די ארטיקע קולטור־קרייזן צו באשליסן, אדער נאך בעסער, צו דער ברירה פון די יחידים, לויט זייערע סימפאטיעס. נאך אלעמען, ווען

מען איז מסכים אַף דעם פּולן קולטור־אידע־
אַל, און מען האָט אים שטענדיק פאַרן אויג,
מאַכט שוין ניט אַזוי אויס דער "ווי ווייט
רעכט" און דער "ווי טיף לינק". איז מען
דאָרט וואו מען געפינט זיך, מען טוט אַר־
בעט און מען זוכט צו ווירקן אין דער ריכ־
טונג פון אונדזער קולטור־אידעאַל. צום ביי־
שפּיל: אַט רעדט מען, אין לינקן לאַגער,
וועגן שאַפן אַ פאַרייניקטן קולטור־פראַנט.
פאַר וואָס זאָלן די סימפּאַטיקער, וואָס מיר
האָבן דאָרט — די געוועזענע קולטוריסטן,
וואָס זיצן דאָרט און באַהאַלטן זייערע פּנימ־
ער — פאַרוואָס זאָלן זיי ניט אַרויס אָפן און
אַריינזאָגן זייער וואָרט? דאָ איז זייער גע־
לעגנהייט.

אַט איז פאַראַן אַ פּלאַן בא אייניקע אונ־
דזערע אַ לאַז צו טאָן זיך מיט אונדזער גאַנ־
צער מיטגלידערשאַפט אין אַרבעטער־רינג.
אַ גוטער צי ניט אַזאַ גוטער פּלאַן, אָבער
מיר האָבן דאָך קולטוריסטן אין די רייען
פון אַרבעטער רינג, צווייגן גאַנצע — פאַר
וואָס האָבן זיי אַף דער לעצטער אַרבעטער
רינג קאָנווענשאָן, וואו דער פּאַראָל איז גע־
געבן געוואָרן; צו אַ ברייטערער געזעל־
שאַפטלעכער ראָלע פאַרן אַרבעטער רינג!
— פאַרוואָס האָבן זיי זיך נישט געמעלדעט
צום וואָרט מיט זייער קולטוריסטישן קוק
אַף דער מעגלעכער געזעלשאַפטלעכער ראָלע
פאַרן אַרבעטער רינג? דעמאָלט איז געווען
דער פּאַסיקער מאָמענט אָנצוזאָגן די פירער,
זיי זאָלן אופהערן קוקן אַף די שולן ווי בלויז
אַף אַ קאָנקורענץ־מיטל; אז ס'מעג שוין אָנ־
שטיין דעם אַרבעטער רינג צו נעמען איני־
ציאַטיווע אין קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַר־
בעט, און אין יעדן סאָרט אַרבעט, וואָס איז

לטובת די יידישע פאלקס־אינטערעסן אין אמעריקע? און פארוואס זאל דער ארבעטער רינג, וועלכער שטיצט אפיציעל און אומ־אפיציעל די סאציאליסטישע פארטיי, ניט זען באאיינפלוסן די יידישע סאציאליסטישע רע־פרעזענטאנטן אין דער לעגיסלאטור — אזעל־כע זיינען דאך געווען און זאלן זיי נאכא־מאל זיין! — קאנדידאטן זיינען זיי דאך! פארוואס ניט באאיינפלוסן זיי צו זיין ווירק־לעכע רעפרעזענטאנטן פון די יידישע פאלקס אינטערעסן — מיט א באטאנונג אף די יידישע קולטור־אינטערעסן?

אין די גוטע צייטן זיינען זיי עס קיינ־מאל ניט געווען; דערפאר בלייבן זיי נישט מער ווי קאנדידאטן אפילו אין די געדיכט־סטע יידישע קווארטאלן.

עס איז דא א סך ארבעט פאר אונדזערע קולטוריסטן אין ארבעטער רינג; זיי זיינען ביז אהער געווען צו פאסיוו; זאלן זיי זיך שפארן צו די פראנט־פאזיציעס פאר מער איינפלוס און איניציאטיווע.

און זוכן און אנהאלטן קאנטאקט מיט די פאלקס־ארגאניזאציעס — די לאנדסמאנ־שאפטן — וואס זיינען ביז איצט עקספלוא־טירט געווארן פאר אלע צוועקן, און נאך קיינמאל נישט באדינט געווארן פאר זייערע אייגענע עקאנאמישע און קולטור־אינטע־רעסן. אפילו וואו די פרעטענזיע איז געווען, אז מען גייט זיי דינען, איז עס אויך געווען נישט מער ווי עקספלואטאציע. אויב עס נאך וואו געבליבן א ירושה פון די זשיטלאוו־סקי קאמיטעטן, דארפן זיי פון אונדזערע קולטוריסטן געשטיצט און אויסגעברייטערט ווערן ביז צו ווערן קולטורקאמיטעטן אין דינסט פון די פאלקס־ארגאניזאציעס.

און צום גוטן לעצט ניט צו פארזען די יאהודימשע און האלב־יאהודימשע קרייזן אין די שטעט פון מיטל־מערב ריאיאן, די צדקה פעדעראציעס, די סאשעל וואוירקערס, וועלכע האבן זיך לעצטנס אנגענומען מיט א ניים מוט און מיט א נייער שטעלונג — צו פארכאפן די קהלות. זיי ווילן ווערן די אנפירער פון גאנצן יידישן לעבן. אמתע כלל־טוער ווילן זיי זיין. א זייער פיינע כונה פון זייער זייט, אבער האנדלען, האנדלען זיי ניט אזוי. ספעציעלע אופמערקזאמקייט שענקען זיי צו די לאנדסמאנשאפטן, זיי וואלטן גריילעך געוואלט זיי ארונטערנעמען אונטער זייער השגחה; איז בשעת די צדקה־קאמפאניע נייט אן, זאגן זיי צו דעם יידישן עולם שטיצע פון די קינפטיקע צדקה־פאנדן אפילו פאר די יידישע פאלקשולן; אבער ווען די קאמפאניע איז אריבער, באנעמען זיי זיך מיט זייערע צוזאגן אף דעם שטייגער פון אלע פאליטישנס . . .

דא איז א טייערע געלעגנהייט פאר אונדזערע קולטוריסטישע כלל־טוער אריינצוווארפן זיך אין דער ארבעט; צו געבן אויספלוס צום איבערפלוס פון זייער ענערגיע. מען קאן דא אויפרודערן א שטאט. "יידיש" דארף זיי קומען צו הילף מיט ספעציעלן קאמפאניע־שטאף. דא דארף דער לאזונג זיין: איינגעמען פאזיציעס און ניט אפלאזן.

האבן מיר אויסגערעכנט אלע מעגלעכע ארבעטן, וואס קאנען זיך פארלייגן אונדזערע קולטוריסטן אין די שטעט? — עס זיינען דא פראספעקטן, אז א פרישע קאאפעראטיווע כוואליע זאל א שלאג טאן איבער דער מדינה, ספעציעל אין דער פארמע פון קרעדיט־יוניאנס, וועלכע איז די פארלויפע־

ריין פון אלע אנדערע קאאפעראטיווע פאר־
מען און אף וועלכער עס איז איצט דא א
גרויס נאכפראגע אין אמעריקע. קרעדיט־יו־
ניאן איז ניט שלעכט צוגעפאסט צו די יידי־
שע עקאנאמישע קאנדיציעס; ביז מיט א
פאר יאר צוריק איז יעדער צענטער איד גע־
ווען א מיטגליד פון א "בילדינג ענד לאון
אסאסיאיישאן". קרעדיט יוניאן איז א סך
דעמאקראטישער און צוגענגלעכער. — אזוי
ווי די קאאפעראטיווע באוועגונג בכלל האט
בא אונדז קיין טאטע־פאטערס ניט, איז גאר
ניט אויסגעשלאסן, אז אונדזערע קולטור־
ריסטן זאלן פארנעמען די פראנט־ריי,
ווען די קרעדיט יוניאן באוועגונג זאל זיך
אננעמען מיט שוואונג אין משך פון די נא־
ענטע יארן. קרעדיט יוניאן איז דאך אפן
וועג צו קאאפעראטיווער קאלאניזאציע, און
קאן אפשר דינען פאר אן אויסגאנגס־פונקט
אין דער ריכטונג פון קאלאניזאציע.

### 7. אונדזער חוב צו"יידישלאַנד" און צום אייגענעם וואוינאָרט.

די אלע אויסגערעכנטע געזעלשאפטלעכע
אופגאבעס זיינען אפן וועג צו דער קינפטי־
קער קולטוריסטישער פארטיי, אף די מיטל־
ליניע צווישן אידעאל און פראקטיק. אפילו
ווען מיר וועלן פארלויפיק גארנישט האבן
אויסגעפירט, איז דאס אן ארבעט, וואס וועט
בויען די פארטיי, פון וועלכער מיר דארפן
זיך באטראכטן אינפארויס אלס מיטגלידער.
יענע קינפטיקע פארטיי וועט פון זיך אליין
זיך נעמען רעאליזירן אזוי גיך די קאלאני־
זאציע באוועגונג וועט זיך אננעמען מיט
שוואונג, וואס צו דעם ווילן מיר באהילפיק
זיין מיט אונדזער נייעם לאזונג "זשיטלאוו־

סקי־דאָרף". זאָלן דאָרום די אַלע אויפגאַבעס פון אונדז אויפגענומען ווערן, אָבער מיט אַ תנאַי: די ריין־פּראַקטישע, ריין־קולטוריסטי־שע אַרבעטן ווי מיר האָבן זיך פאַרגעצייכנט: אומפּאַרטייאישע שולן, "יידיש", פאַרלאַג, ראַיאָן־טעאַטער, יוגנט־פּראָפּאַגאַנדע, זאָלן אין דער ערשטער ריי אָפּגעטאָן ווערן. וואָ־רים קיין אַנדערער וועט זיי זיכער ניט טאָן. זיי זיינען אונדזערע פּעסטסטע אַנהאַלטן, אָן זיי וועט אונדזער גאַנצע געזעלשאַפטלעכקייט אויסגערונן ווערן אין אַ ליידיקלעכן פּראַזן־שטראָם.

אָט די אַנהאַלטן פאַר אונדזערע הענט און דער אַנלען פאַר אונדזער בליק—דער שטיץ־פּונקט פאַר אונדזער קולטור־אידעאַל, וואָס מיר האָבן זיך פאַרגעשריבן מיט דעם לאָ־זונג "זשיטלאָווסקי־דאָרף".

און דער שטיץ־פּונקט פאַר אונדזער אי־דעאַל, וואָס מיר האָבן שוין פון לאַנג אין אונדזער וואַרימען אינטערעס פאַר גאַנץ "יידישלאַנד" — פאַר דער קולטור געזעל־שאַפט אין אַמעריקע, פאַר די ציש"א שולן אין פּוילן, פאַר דעם וויסנשאַפטלעכן אינ־סטיטוט אין ווילנע, פאַרן "אָרט".

וואָס דער "זשיטלאָווסקי־דאָרף" איז אין דער הויך, איז "יידישלאַנד" אין דער לענג און אין דערברייט — דאָס הויז פון אונ־דזער אידעאַל, אַ באַשטעטיקונג דערויף, אַז איבער גאָר דער וועלט האָבן מיר אַן אייג־הייטלעכע גייסטיקע היים אין יידיש. דער היים האָט ביז אַהער געפעלט אַ לייכטנדיקער טורם — וועלן מיר אים אויפשטעלן מיט אַ "זשיטלאָווסקי־דאָרף".

און די אַקציע וואָס מיר האָבן אונטער־נומען פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פון יידיש אין פּאַלעסטינע, געהערט זיכער צו די ביר־

גער־פליכטן, וואס מיר זיינען שולדיק „יידיש־לאנד". ווען יידיש אין פאלעסטינע איז פארשעמט, ווערט אונדזער יידיש־ענער־גיע אין אמעריקע געליימט. עס ברעכט אונד־זער מוט, ווען אינם לאנד, וואס רופט זיך יידישע היים, זאל יידיש קיין היים נישט האבן. א מוטער־שפראך זאל באהאנדלט ווערן ערגער פון א שטיף־קינד! מיר שטיי־ען מיט אלע אונדזערע נצחונות אין קאן ווען מיר וועלן ניט ארײנלייגן אונדזער הארץ אין דער פארטיידיקונג פון יידיש קעגן רדיפות.

און אודאי וועלן מיר זיך מיטפרייען מיט די נצחונות פון יידיש אין סאוועטן־לאנד — מיט דעם הויפט־נצחון, וואס זי האט אפגעהאלטן אין ביראַ־בידזשאן, וואו זי האט דערגרייכט א מלוכה־שטאנד. און מיט וואס מיר זיינען בכוח, וועלן מיר אויסדריקן אונדזער פרייד מיט מעשים.

אבער מיט א ווארנונג: ניט יוצא זיין מיט אונדזערע פליכטן צו "יידישלאנד" פאר די פליכטן, וואס מיר זיינען שולדיג דער יידי־שער קולטור דא אפן ארט. באצאלט דעם שטייער צו „יידישלאנד, מיינען מיר שוין: מיר זיינען אפגעקומען אונדזער גאנצן חוב. זארג וועגן יידישלאנד דערנעענטערט טאקע צום אידעאל, אבער ווען דא אפן ארט וועט קיין יידישלאנד ניט זיין, וועט יידישלאנד אינגאנצן ניט זיין. מיר טארן ניט טיילן די וועלט־בארימטע שוואכקייט פון די אידן אין אמעריקע, מיר טארן זיך ניט פארוואנדלען אין קולטוריסטישע בעלי־צדקות.

און אינטערעס צום ארט מיינט ניט בלויז אינטערעס צו אמעריקע און צו נויארק, וואס איז לכל הדעות דער צענטער פון דער יידישער ליטעראטור און קולטור אין אמע־

ריקע, נאר פשוטו כמשמעו: דער אינטערעס צום אָרט, צו דער שטאָדט, וואו מיר אַליין געפינען זיך, פריער פון אַלץ. מיר זינדיקן שטאַרק אונטער אין דעם פּרט. צוליב יראת הכבוד פאַר די גדולים פאַרזעען מיר די באַשיידענע קולטור־מענטשן און שריפטשטעלער, וואָס זיינען אַרום אונדז. דאָס איז פאַרריסנקייט. צאָלן רעספּעקט צו די שעפער, וואָס האָבן שוין געוואונען זייער פּאָזיציע איז טאַקע אַ שיינע מידה און די מידה דאַרף מען אָנהאַלטן, אָבער אַז אַט דער רעספּעקט זאָל דינען אַלס אויסרייד פון אומרעספּעקט צו די יעניקע, וואָס ראַנגלען זיך נאָך פאַר זייער פּאָזיציע, איז די מידה פון אַ פּראָווינציאַל, וואָס צייכנט זיך בטבע אויס מיט זיין כורעים פאַלן, מיט זיין בוקן זיך צו אַבי־וועלכער פּאַרטיקער גרויסער פירמע.

אַ פייערלעכער קבלת פּנים פאַר אַ נויארקער גדול איז אודאי זייער גוט. דער גדול האָט עס זיכער פאַרדינט, אָבער עס איז ניט דער גאַנצער, נאָר אַ האַלבער קולטוריסטישער אופטו. יענע גדולים נויטיקן זיך נישט אין דערמונטערונג צו שעפערישקייט, אָבער אין דערמונטערונג נויטיקן זיך די אָרטיקע, די פאַרזעענע. פרעגט בא די גדולים אַליין, וועלן זיי עס אייך זאָגן. דערמונטערונג צו שעפערישקייט איז אונטער אונדזערע אומשטענדן די גרעסטע קולטור־מצוה.

קולטור מיינט ניט בלויז די קאָנסטאַטירונג פון דעם פּאַקט, אַז קולטור איז דאָ; נאָר עס איז נאָך מער אין דער פאַרמערונג, אין דער וויטער־שאַפונג פון קולטור.

דער קאָנטאַקט מיט די אָרטיקע קולטור־טוער און שריפטשטעלער מוז אומבאַדינגט אויסגעברייטערט ווערן.

און אחרון אחרון חביב — די לעבעדיק־
סטע פארבינדונג פון יעדן קולטור־קרייז און
יעדער גרעסערער און קלענערער שטאט מיטן
גאנצן ראיאן — וואס אפטערע צוזאמענ־
קונפטן, ימים טובים, און דער עיקר די צו־
ציאונג פון וואס מער ארטיקע טוער צום
אלגעמיינעם ראיאן־דינסט — צו "יידיש",
צום "ראיקאם" — כדי מיר זאלן צונויפ־
שטעלן איין לעבעדיקע ארגאנישע קולטור
געזעלשאפט.

עס איז דא גענוג ארבעט אנגעווארפן גע־
ווארן פארן צוזאמענפאר. מיר זיינען שוין
געניט אין צוזאמענפארן און מיר ווייסן, אז
אויסהערן א גרויסארטיקע רעוואלוציאנערע
קולטור־רעדע און אפענטפערן מיט אפלא־
דיסמענטן — כדי גלייך דאס אלץ צו פאר־
געסן — די רעדע מיט די אפלאדיסמענטן —
איז א קנאפער אופטו. עס איז כמעט גאר־
נישט ווערט. דער אמתער אופטו פון צוזא־
מענפאר וועט זיין, ווען ער וועט טאן אזא
ארבעט, וואס וועט מאכן דעם ראיאן אר־
בעטן א קיילעכדיק יאר.

